## מ. ראזען

# עסייען פון א הדיוט

מאנטרעאל – 1976

ISBN:0-657-12024-3





מ. ראזען

# עסייען פון א הדיוט

מאנטרעאל — 1976

מ. ראזען

# עסייען פון א הדיוט

-

מאנטרעאל קאנאדע 1976

M. R o s e n

E s s a y s  F r o m  a  c o m m o n e r

M o n t r e a l  1 9 7 6

M. R o s e n  M o n t r e a L  5 3 2 5  L u c y  P l a c e  H3X 1L1

# א י נ ה א ל ט

זייט

זייט

# א וואָרט צו די לייענער

אלע עסייען אין דעם בוך זיינען געלייענט און דיסקוטירט געוואָרן ביי דער גרופע – קרעאטיווו שרייבן – ביים גאָלדן עלטער צענטער אין מאָנטרעאָל.

דער קרייז וואָס ווערט אָנגעפירט פון א כאַוועסטן פּאָעט, באַשטייט פון מענער און פרויען אין עלטער פון זעכציק און העכער, וואָס שרייבן פּאָעזיע, דערציילונגען, זכרונות, עסייען, רייזע באַשרייבונגען א.א.וו. פאַראַן אויך בלויז צוהערער וואָס שרייבן נישט אָבער נעמען זייער אן אַקטיווון אַנטייל אין די דיסקוסיעס, וואָס קומען געוויינטלעך נאָכן לייענען.

פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר גיט אַרויס דער צענטער א יערלעכן זשורנאַל אונטערן נאָמען "בלבב" אָדער "אין הארצן". דער זשורנאַל גייט אַרויס אין יידיש, ענגליש און פראַנצייזיש, אין איין באַנד, און פאַרקויפט זיך פאַר א מינימאַלער סומע אין 500 עקזעמפּלאַרן. פון די שטענדיקע אַנטיילנעמער זיינען, פאַרשטייט זיך, די מערסטע נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבער, כאָטש עס זיינען אויך דאָ אַזעלכע וואָס האָבן זיך נאָך מיט יאָרן צוריק געדרוקט אין צייטונגען און זשורנאַלן, אַנדערע האָבן אפילו ביכער אַרויסגעגעבן. מען וואָלט אפשר געקאָנט זאָגן, אַז די מערסטע זיינען נאָר אָנהייבער, אָדער אפשר וואָלט מען זיי באַדאַרפט רופן אַמאַטאָרן. איך בין נישט זיכער אויב עס איז די אויפגאַבע, דער ציל פון דער גרופע צו אויסלערנען מענטשן שרייבן אַזוי קרעאטיוו ווי געבוירענע טאַלאַנטן. מיר דוכט זיך נאָר אַז יעדעס מאָל ווען דער לערער וויל עמיצן פאַרבעסערן, קאָרעגירן, טרעפט ער זיך אָן אויף אַזאַ העפטיקן ווידערשטאַנד און פּראָטעסט, אַז ער מוז זיך צוריקציען און נאָר געבן ריכט-ליניען, אַז די תלמידים זאָלן אַמווייניקסטן נישט ווערן קיין גראַפאָמאַנען... עס איז כ'לעבן נישט קיין לייכטע עובדה...

עס זיינען אָבער דאָ מענטשן וואָס קומען וואָך איין וואָך אויס, אפילו אין די ערגסטע ווינטערס און פון זייער ווייט, כדי בייזיין ביי אונדזערע צוזאַמענקומען. עס זאָגט מיר אויך א זייער איידעלע פרוי, פון איבער אכציק, וואָס שרייבט דווקא זייער טאַלאַנטפול, אַז זי קוקט אויס א גאַנצע וואָך צו דעם טאָג פון אונדזער טרעפן זיך, ווייל זי לעבט איינגאַנצן אַליין און זי איז גליקלעך וואָס מען הערט איר אויס. איז עס דערפאַר זייער גוט וואָס אַזאַ גרופע עקזיסטירט און עס מעג דינען ווי א מוסטער פאַר גאָלדן עלטער קלובן פון אַלע שטעט און פון אַלע

פעלקער|זא סארט קולטור קרייז צו פירן,עס דערהויבט און דערמוטיקט.

דאס אויבן בעזאגטע וועט שוין אויפקלערן דעם געניטן לייענער,אז נישט צוליב איבערגעטריבענע עניוות האב איך מיינע מאמרים אנגערופן "עסייען פון א הדיוט".איך האב דערמיט נאר אונטערגעשטראכן א פאקט; איך האב זיך דערמיט אויך באווארנט אז קיינער זאל נישט באשולדיקן דעם גאלדן עלטער צענטער,אז דאס בוך איז ארויס אונטער זייער אויפזיכט.איך אליין טראג די פאראנטווארטלעכקייט פאר יעדן ווארט וואס געפינט זיך אין דעם בוך,און בין איינשטימיק אויסצוהערן יעדן איינעם,קיין אונטערשייד אויב ער איז מסכים מיט מיינע אויספירן אדער נישט...

ווען איך האב זיך באפרייט פון עול פרנסה און געקומען דאס ערשטע מאל אין צענטער פון גאלדענעם עלטער און געהערט אז מענטשן שרייבן,האט אויך מיך א חשק אנגענומען זיי נאכטאן און דערפון איז געבוירן געווארן מיין ערשטע ארבעט,די עסיי "עלנט".און אזוי איז אוועק א סדרה פון איבערגעלעבטע עמאציעס וואס האבן מיך נישט געלאזט רוען;טיילמאל נעכט נישט געשלאפן און צומארגנס אויף פאפיר פאראייביקט - א וויכטיק בוך איבערגעלייענט לאזט איבער א רושם - אן אנפאל אויף א ישראל ישוב פארפרעסט דאס הארץ - די יידן אין רוסלאנד קרעכצן אונטער די הענט פון זייערע נוגשים,ווי א סייסמאגראף רופט עס זיך אפ און קומט צום אויסדרוק אין מיינע עסייען.

איך האב צום אנהייב געמיינט אז עס וועט זיך שאפן א קאלעקטיווע ברופע פון אונדזער קרייז,וואס וועט ארויסגעבן א 500 זייטיקן בוך פון פאעזיע, דערציילונגען,עסייען.אזעלכע ביכער ווערן ארויסגעגעבן פון קרעאטיווע שריי-בער ביי די אוניווערסיטעטן אין מאנטרעאל און אין אנדערע שטעט.פארשטייט זיך אז דער זשורנאל "בלבב",וואס גייט ארויס אין 3 שפראכן,האט אפילו נישט א צענט-חלק פון דעם וואס איך האב געהאט אין געדאנק,אבער ביז איצט איז עס מיר נישט געלונגען אזא בשותפותדיקן פלאן אדורכצופירן.אפשר וועט דאס בוך אינספירירן אנדערע צו פארעפנטלעכן זייערע ווערק.די מענטשן פון אונדזער דור,איך מיין דא די יידן פון אונדזער דור,מוזן זיך א ביסל צואיילן.אויפן געביט פון קינסטלערישער פראזע איז נישט פיל געשריבן געווארן די לעצטע

יארן דא אויפן אמעריקאנער קאנטינענט.

דאס לעצטע קאפיטל פונעם בוך אונטערן נאמען "דער פילצווער מורה הוראה" געהער מער צו א מעמוארן בוך,אבער אויב איר וועט האבן געדולד און דורכלייענען אלע עסייען ביזן לעצטן קאפיטל,וועט איר שוין,מסתם,אויך זיין גוט גענוג צו פארגיבן מיר דעם חטא פון ארייננברענגען א קאפיטל זכרונות אין א בוך עסייען.

מ.ראזען

# ע ל נ ט

ניין, נישט עלנט אין שייכות מיט ברויט, און נישט וועגן איינעם וואס האט נישט קיין ברויט.

איך וועט עס נישט זיין קיין טרויעריקע געשיכטע וועגן אן עלטערן מאן אדער פרוי, וואס האט נישט קיין פריינד, קיין משפחה, און איז דערפאר עלנט ווי א שטיין.

נישט וועגן דעם וועט זיך עס רעדן דא.

אין מיינע רעיונות פון א ייד אין די רייפע יארן פון לעבן זוך איך שוין א צייט א ווארט וואס זאל ריכטיק כאראקטעריזירן אונדזער – דאס צוואנציקסטע יארהונדערט.

טא לאמיר פרווון אוועקשטעלן דאס ווארט "אנטוישט", ווייל קיינער פון די דענקנדיקע מענטשן פונעם פריערדיקן יארהונדערט וואלט נישט געגלויבט אז די וועלט וועט האבן אזא פנים ווי זי האט היינט.

מ׳קאן אויך זאגן, אז עס איז א "שרעקלעכער" יארהונדערט, ווייל עס איז נאך ביז איצט נישט געווען אז אין פארלויף פון עטלעכע-און-זיבעציק יאר זאלן אזויפיל מענטשן פאלן אין מלחמות.

צוליבן אויפדעקן דעם סוד פון שפאלטן דעם אטאם זיינען מיר בארעכטיקט צו רופן אונדזער דור ד ע ר וואס האט אונדז געברענגט צום ברעג פון אפגרונט.

און נאך א ווארט מוז איך דא דערמאנען, איידער מיר בייען ווייטער, דאס איז דאס ווארט "דור-הפלגה".

עס איז א צייט ווען נישט נאר פעלקער פארשטייען זיך נישט אדער ווילן זיך נישט פארשטיין; עס איז א צייט ווען עלטערן פארשטייען נישט זייערע קינדער, באטש זיי וואלטן זיי זיכער געוואלט פארשטיין, און קינדער אנטלויפן פון זייערע עלטערן. אפשר קאנט איר פארשטיין פארוואס?...

איידער מיר קערן זיך אום צום ווארט ע ל נ ט מעג איך דא דערמאנען, אז באלד נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען איך בין נאך 12 יאר אלט געווען איז געפרעגט פארוואס האט מען געפירט 4 יאר מלחמה און 10 מיליאן מענטשן אומגעבראכט, האט מען מיר געענטפערט, אז דערפאר וואס אין סאראיעווא האט מען דערהרגעט איינעם א קרוין-פרינץ! איז עס נישט אן אומזין?! צוליב איינעם זאל מען 10 מיליאן דערהרגענען.

ווי האב איך דעמלט געקאנט פארשטיין אז יענע מלחמה איז געווען בלויז א פארשפיל צו דעם וואס איז געקומען שפעטער.

האט דען היטלער געהאט א לאגישע טענה צו יידן, ווען ער האט עפנטלעך דערקלערט אז זיין הויפט ציל אין לעבן איז אויסהרגענען אלע יידן? און

קיינער האט זיך נישט געכאפט אז אזוי רעדן קאן נאר א משוגענער,און מ'האט דערלאזט עס זאלן אומקומען 50 מיליאן מענטשן - 6 מיליאן יידן אליין...

ווען איך בין 12 יאר נאך דער ערשטער וועלט-מלחמה געקומען קיין קאנאדע האבן זיך דא מענטשן איבער די באסן הונגעריקע ארומגעדרייט.די רייכע קאנאדע האט נישט געקאנט געפינען קיין רעסורסן צו שפייזן אירע איינוווינער. אזוי שנעל אבער ווי מ'האט דערקלערט מלחמה איז באלד געווען גענוג געלט און ארבעט פאר אלעמען.ווו האבן זיי עס גענומען אזוי שנעל?

און איז עס נישט געווען א צייכן פון מארד-משוגעת ווען סטאלין האט פארפירט משפטים קעגן זיינע בעסטע גענעראלן און אלטע רעוואלוציאנערן, און יענע האבן זיך אליין מודה געווען אין הויך פאראט און צומארגנס דערשאסן געווארן... די וועלט האט געשטוינט, וואס פאר א מאטירון האבן זיי געהאט זייער לאנד אזוי מיאוס צו פאראטן און מיט וואס פאר א טייוול-לאנישע מיטלען האט מען פון זיי אזוי שנעל די ווידויים ארויסגעקריגן?

ווען די צווייטע וועלט-מלחמה איז אויסגעבראכן און סטאלין האט גע-שלאסן אן אפמאך מיט היטלערן און די סוואסטיקא האט געפלאטערט אויף די מויערן פון קרעמל,האט די וועלט ווידער געשטוינט און געשוויגן...
ביזן היינטיקן טאג,ווען אן אייניקל פון בארימטן גענעראל יאקיר, ווענען סטאלין האט דערהרגעט,ווערט אויך באשולדיקט אין פאראט צו זיין לאנד,און אויך ער איז זיך מודה.האבן מיר היינט א ביילים פראצעס אין א מאדערנער ווערסיע?

איז די וועלט ווירקלעך פון זינען ארונטער,ווען,היינט,נאך צוויי טויזנט יאר ווארטן און האפן,האבן יידן ווידער אן אייגענע מלוכה און קומען צו די פארייניקטע פעלקער און בעטן שוץ און רו ביי די גרענעצן, בלייבן זיי שטיין הילפסלאז,ווייל די גרויסע שרים שטימען אלע מאל לטובת די אראבער און די יידן פילן דארט ווי א שעפסעלע צווישן וועלף...

און כאטש עס זיינען נאך געבליבן 26 יאר ביז דעם סוף פון יארהונדערט, דעט זיך נישט קיין האפענונג מ'זאל קאנען אברופן אונדזער יארהונדערט מיט א נאמען וואס זאל צוגעבן קוראזש פאר דער צוקונפט.עס זעט מיר אויס אז מיט אלע טעכנאלאגישע דערגרייכונגען,ווי עראפלאנען וואס פליען שנעלער ווי אלע טייוולאנים,און אטאמישע באמבעס וואס קאנען גאנצע שטעט פון דער וועלט-מאפע אויסמעקן,איז דער מענטש אין זיין אינערלעכע וועלט ווייניקער רויק,ווייניקער צופרידן ווי עס זיינען געווען די מענטשן פון 19טן יארהונדערט.עס זעט מיר אויס אז טיף עמאציאנעל איז דער היינטיקער

מענטש עלנט.

דערפאר דוכט מיר,אז דער פאסיקסטער ווארט פארן היינטיק יארהונדערט איז ע ל נ ט.

דער ע ל נ ט ע ר ד ו ר, דער ע ל נ ט ע ר י א ר ה ו נ ד ע ר ט.

# מ צ ו ת  א ו י ף  מ י י ן  ט י ש

עס קלינגט מיט פרילינג,מיט זון און מיט פרייהייט דאס איינע ווארט מ צ ו ת. אפילו ביים ארעמסטן ייד פון שטעטל האט זיך דורכאויס געטיטן דאס געמיט ווען עס האט זיך דערנענטערט דער פריילעכער יום-טוב פסח ארויסגעקאפעט זיך פון די בערגער שניי,וואס זיינען געלעגן א גאנצן ווינטער און עס איז קיינעם אפילו נישט איינגעפאלן זיי ארויסצורוימען. טיר און פענצטער געעפנט.דער פויער פון די ארומיקע דערפער וועט לייכטער קאנען צוקומען.דאס ביסל פראדוקטן פון פעלד,וואס ער וועט דא פארקויפן, וועט העלפן די יידן א ביסל לייכטער זיך דורכשלאגן מיט פרנסה.אויב מען וועט אפילו דארפן בארגן א פאר זלאטעס צו מאכן יום-טוב,איז אהער דא א האפענונג,אז מ'וועט עס באלד נאך פסח קאנען אפצאלן.דערווייל ווארעמט די זון דעם גוף און די נשמה.

2 וואכן נאך פורים זעט מען שוין אין די גאסן יידישע טרעגער מיט גרויסע שטרויענע קוישן מצוה,ארומגעבונדן מיט גראבע שטריק צו זייערע פלייצעס, צוגעדעקט מיט בלאנק-ווייסע ליילעכער.א פריילעכע און גליקלעכע איבערלע-בונג איז עס געווען ווען דער טרעגער האט אויך צו אונדז אין הויז די מצוה אריינגעברייגט... די מאמע האט שוין פון פריער א ווינקל פסחדיק געמאכט, און א סוד מוז איך דא אויסזאגן: עס האט מיך זייער געצויגן צו יענעם ווינ-קל.ווייל מ'האט די מצוה גוט פארדעקט און באהאלטן אין א זייטיק שטיבל, וואלט איך נאטש א ברעקל געוואלט פארזוכן נאך פאר פסח.אבער קיינער,אבסאלוט קיינער פון די 10 קינדער אין הויז וואלט זיכער נישט געוואגט אזא זאך צו טאן.איז עס א וואונדער וואס מיר זיינען אזוי אומגעדולדיק געזעסן ביים סדר און געווארט דער טאטע זאל שוין ענדיקן זאגן די הגדה,וואס האט אונדז דעמלט אויסגעזען לאנג ווי דער יידישער גלות!

היינט,א וואך פאר פסח,ליגן די מצוה וואס די גוישע טרעגער האבן גע-בראכט פון "שאפינג-סענטער",און אויך זיינען זיי נישט געקומען אין שטרוי-ענע קוישן נאר אין פיל קאליריקע פאפירענע פעקלעך.איך בלייב קוקט און א בי-סל שעם איך זיך פאר זיי: ערשטנס עסן מיר מצות א גאנץ יאר קאנען שוין היינט די מצות נישט האבן יענעם רייץ,און צווייטנס – אפשר דערפאר ווייל

ניר זעען נישט ווי די מצוה ווערן געטראגן אין די קרישן דירעקט פון בעקער צום קונה, דורך די זון-באגאסענע גאסן! האבן זיי דוכט זיך מיט זון קיין שייכות נישט.

און דער עיקר דאס גרויסע ווארט פרייהייט. קאנען מיר זיך פילן פריי ווייל מיט דריי מויזנט פינפהונדערט יאר צוריק האבן מיר זיך באפרייט פון מצרישער קנעכטשאפט, זיינען מיר אויך איצט פריי?!

עס האט געגליט דער גלויבן ביים יידישן פאלק, אז פונקט ווי פון מצרים, אזוי וועט אויך די פולשטענדיקע אויסלייזונג קומען נאר פון גאט אליין. אנשטאט די אויסלייזונג פון גלות איז נאר געקומען דער גרויסער בראך פון 6 מיליאן קרבנות. און האבן מיר נאך צוויי טויזנט יאר געקריגן צוריק אונדזער אייגן לאנד, ווערן אבער אונדזערע הערצער צעבראכן ווען מיר זעען די פילם-בילדער פון דער יום-כפור מלחמה, ווען עס זיינען געפאלן 2800 און פארווונדעט געווארן נאך מער. עס ווילט זיך אויסשרייען די ווערטער פון ש. פרוג: גאט אין הימל, איז דער בעבער נאך אלץ נישט פול?

נאך א היסטארישן איבערבליק וועגן דער אפשטאמונג פון פסח און די קאמפן וואס יידן האבן אדורכגעמאכט ווען זיי האבן דעם יום-טוב איינגעשטעלט הערן מיר אז נאטש הרגענען איז נישט קיין יידישע מידה, מוזן מיר אבער זיך פארטיידיקן, און ווייל מיר זיינען מער נישט אזוי שוואך, מיר האבן אויך שוין קאנאנען, איז דא א האפענונג אז דאס לאנג-אויסגעטרוימטע ישראל וועט בלייבן אויף אייביק.

איצט קומען מיר צו אונדזער הויפט-פראגע וואס לאזט מיר נישט שלאפן פאר פיל שעהן אין די נעכט. (ווען עס איז שטיל ארום ארבעט דוכט זיך דער מוח בעסער). און דאס איז די פראגע: ווי אזוי פארטיידיקט מען זיך קעגן אזעלכע שונאים קעגן וועלכע מיר קאנען קיין קאנאנען נישט ארויסשטעלן?

דוכט זיך אז דארט פארשטייט מען און מען פראקלאמירט עס הויך און ברייט, אז עס מוז זיין שלום צווישן אלע פעלקער, אז יעדער מענטש אויף דער וועלט האט דאס רעכט צו לעבן פריי און גליקלעך, ווי עס האט עס אזוי בילדעריש געמאלן הוה ראזענפארב: אלע פעלקער פון דער וועלט שטעלן מיט זיך פאר אן

ארקעסטער און יעדער שפילט אויף זיין אייגענעם אינסטרומענט.אויב אזוי
ווי קומט עס,וואס זיי טיילן אויס דאס יידישע פידעלע וואס איז לויט
זייי גארנישט קיין פאלק.אלע פעלקער,אן אויסנאם,האבן די רעכט צו דער-
ציען זייערע קינדער אין זייערע אייגענע שפראכן,נאר יידן האבן דארט
אפילו קיין איין יידישע שול נישט.און דארף מען דא אויסרעכענען וואס
נאך געשעט דארט?! און מיר וואס פילן זיך אזוי פארבונדן מיט יעדן ייד
פון גאר דער וועלט זעען צו ווי מ'וויל פון אונדז אפהאקן אזא גרויסן
צווייג פון יידישן בוים,ווי מ'וויל איינרייידן די יידן דארט,אז זיי
האבן מיט אונדז קיין שייכות נישט,אז דער רוסישער איוואן,סטעפאן,זאל
אים זיין נענטער ווי די יידן אין ישראל,און דאס יידישע הארץ צאפלט.
און וואס זעען מיר: נאך 50 יאר פון הייינטיקן רעזשים אין רוסלאנד,
קומען צענדליקער טויזנטער יידן בעטן וויזעס ארויסצופארן.

קאנסערוואטיווע רבנים האבן פארפאסט א ספעציעלע תפילה צו זאגן פסח
ביים סדר,ווו מיר פארזיכערן זיי און זיך,אז מיר וועלן זיי נישט פארגעסן.
דער ספעציעלער קאמיטעט ביים יידישן קאנגרעס בעט צו שרייבן פריוואטע
בריווע צו יידן אין רוסלאנד,נישט וועגן פאליטיק,נאר פריינדלעכע ווער-
טער,צו ווייזן זיי אז מיר האבן זיי נישט פארגעסן און צוגעבן מוט צו
פירן ווייטער א י י ד י ש לעבן.אין ניו יארק און אין אנדערע שטעט
קומען פאר סאלידאריטעט דעמאנסטראציעס מיט די רוסישע יידן.אבער,צום
באדויערן,איז אויך ביי אונדז יידן נישטא קיין אחדות; אט איז א ראביי
ארויסגעקומען מיט א גרויסן אנאנס אין א יידישער צייטונג,אז מ'זאל צו
דער דעמאנסטראציע אין ניו יארק נישט גיין.ווי אזוי דען קלויבט זיך דער
ראביי מקיים צו זיין דעם א ל ת ד ו ם?! הערט נישט דער ראביי וואס עס
זאגן די געראטעוועטע יידן פון אייראפע,אז אויב מ'וואלט אן אויפהער דע-
מאנסטרירט אין אמעריקע קעגן די נאצישע רציחות,וואלטן זיך הונדערטער
טויזנטער יידן געראטעוועט! פאראן א צייט ווען שווייגן איז א פארברעכן,
ווייסט איר עס נישט?

ווילט זיך מיר איצט,ווען איך קוק אויף די מצות,וואס ליגן אויף מיין

טיש,וואס זיינען פאר אזוי פיל יארן געווען דער כימבאל פון זמן הרוהנו, געפינען אזא אויטאריטעט,וואס זאל אונדז לערנען ווי צו האנדלען אין אזא לאגע; ווער איז גערעכט: זיינען עס די,וואס הייסן שווייגן און באדנישט טאן,אדער פארקערט,יענע וואס דערמוטיקן און רופן צו אקטיווע טאטן.

און איך שעם זיך א ביסל פאר די מצות אויף מיין טיש,וואס איך פיל נישט מער דעם פרילינג,די זון און די פרייהייט,ווי דעמלט אין די פריע יארן פון מיין לעבן.

שיינע פעסעלע און שמחה בינום...

אין דער גרויסער טרילאגיע פון חוה ראזענפארב "דער בוים פון לעבן" זיינע דא ארום דרייסיק נעמען פון העלדן.ווי אויפן עקראן גייען זיך די בילדער געשעענישן און פערסאנאזשן.אין מיין זכרון זיינען די דערמאנטע 2 נעמען, שיינע פעסעלע און שמחה בינום, פארבליבן נישט נאר ווייל זיי זיינען געפא-לן ווי קדושים אין לאדזשער געטא,זיינען דאך דארטן אומגעקומען א פערטל מיליאן רייצנע יידישע נשמות,נאר ווייל חוה ראזענפארב דערציילט אונדז עפעס וועגן זיי,וואס רופט מיך צו בויגן מיין קאפ מיט יראת הכבוד.און זאל דא אין קורצע ווערטער איבערגעגעבן ווערן,פארוואס זיי האבן זיך אזוי איינגע-קריצט אין מיין הארץ.

שיינע פעסעלע איז די פרוי פון אן ארעמען סטאליער,וואס האט זיך יארן בעפאר דער צווייטער וועלט מלחמה באזעצט אין באלוט,די ארעמסטע געגנט פון לאדזש,אין א נאסן קעלער,ווו די ווענט זיינען אלע מאל געווען גרין פון שימל און אויף וועלכע עס זיינען אויסגעוואקסן שוואמען און האבן דערפאר אויסגעקוקט ווי א מאפע.דער דיל איז געווען אזוי נאס,אז ווען מ'האט אויף די ברעטער געטראטן האט פון צווישן זיי שפאלטן ארויסגעשפריצט וואסער מיט א סוויסטש,אז מע האט געמיינט זשאבעס קוואקען... דארט אין יענעם פינצטערן קעלער,ווו עס איז נאר געשאנען איין בעט,האט שיינע פעסעלע געבוירן 4 זין וועלכע האבן אלע געפונען זייערע געלעגערס אויף די וואַרשטאטן.

זעט אויס אז ביז דער מלחמה איז שיינע פעסעלע געווען צופרידן פון איר גורל און מיט איר ווירונג.

באלד ווי די דייטשן זיינען אריין קיין לאדזש האבן זיי אנגעהויבן פאר-צוימען גאנצע גאסן און צונעמען ערגעץ די יידישע איינוווינער.ס'האט גע-הייסן מ'וועט זיי צוריקברענגען.דערווייל זיינען געבליבן ליידיקע ווויי-נונגען פארמאכט נאך לאנגע חדשים.שפעטער דערוווסט מען זיך,אז די דייטשן גרייטן זיך צו ברענגען אין באלוט אלע יידן פון לאדזש,ווו עס איז קוים דא פלאץ פאר א צענטחלק.דעמלט דערטראכט זיך שיינע פעסעלע צו א גליקלעכן געדאנק: איידער עס וועלן קומען פרעמדע, אויפרייסן די טיר פון דער ליי-דיקער ווויינונג אויף זייער הויף,זאלן זיי אליין בעסער זיך דארט אריבער-טראגן און פטור ווערן פון קעלער.ווען איר מאן נעמט אראפ דעם שלאס פון

דער ליידיקער דירה און זי דערזעט ווי ריין און שיין עס זייַנען די ווענט און די רויט-געמאָלענע פּאָדלאָגע פאַרשעמט זיך אַ ביסל ווי עס איז אַלע מאָל געווען ביי איר די טבע ווען עס איר געוואָרן אַ ביסל בעסער, וואָס האָט זיך ביי איר נישט געטראָפן צו אָפט...

חוה ראָזענפאַרב דערציילט עס אונדז אַזוי פאַרבייגייענדיק, ווי עס וואָלט בעוועזן די נאַטירלעכסטע זאַך אין דער וועלט, אַז אין אַ וועלט פון אַזוי פיל ליידן און פּיין מוז יעדער מענטש ווערן עס גייט נאָר אַ ביסעלע בעסער זיך שעמען...

גוט! איך קאָן זיך נישט באַרימען אַז איך בין אַ בקי אין דער גאַנצער וועלט-ליטעראַטור. איך קאָן אָבער זאָגן אַז איך בין אַ קורא והיק פון דער יידישער ליטעראַטור. אַזוי שנעל ווי איך האָב זיך אויסגעלערנט לייענען האָב איך אַפילו איין טאָג נישט דורכגעלאָזן איך זאָל נישט לייענען אַ בוך אָדער אַ זשורנאַל. נישט בלאָט צוליב באַרימעריי זאָג איך דאָס, נאָר איך וויל דערמיט אונטערשטרייכן, אַז איך האָב נאָך אין ערגעץ נישט בעלייענט אָדער אַפילו געהערט, אַז עמיצער ווערן עס איז נאָר געגאַנגען אַ ביסל בעסער האָט זיך דערמיט געשעמט. וויפל שיינקייט פון כאַראַקטער, וויפל איידלקייט פון געפיל ביי אַן איינפאַכער פרוי און מאַמע פון פאָלק; אַז אין די זעלטענע מינוטן ווען זי פילט אַ ביסל בעסער שעמט זי זיך.

זאָלן מיר אפשר זאָגן, דאָ, צו אַלע אָרעמע, באַשיידענע שיינע פּעסעלעך פון דער וועלט: שעמט אייך נישט מער, ווען עס גייט אייך גוט! זאָלן זיך שעמען די וואָס זייַנען שולדיק אין דעם וואָס עס גייט אייך שלעכט!

די וועלט מוז נישט און וועט נישט אייביק אַזוי זיין, אַז פאַרן פרייז פון אַ קליין הייפעלע ווערן עס גייט אַלע מאָל גוט, זאָל די מערהייט זיך דאַרפן גאָר שעמען ווען עס גייט זיי נאָר אַ ביסעלע בעסער...

שיינע פּעסעלע איז אַ מוסטער פון אַ יידישער מאַמע פון פאָלק, שמחה בינום איז אַ מוסטער פון דער עליטע פון פאָלק. ער שטאַמט פון רביישע זיידעס. דער איינציקער זון אין אַ הויז פון 9 טעכטער, ווערט ער געצערטלט און אָפּגעהיט ווי די איידלסטע בלום. ער איז וווּנדערלעך שיין און קלוג, מיט אַ גוט האַרץ, וואָס איז אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט. ער לערנט אין לובליַנער ישיבה – עס

הייסט ער וועט ווערן א רב.אבער אן אומגליק געשעט: א בחור מיט וועמען ער האט צוזאמען געלערנט און מיט וועמען ער איז געווארן שטארק צוגעבונדן ממש ווי דוד און יהונתן,שטארבט פון שווינדזוכט.שמחה בינום קאן זיך נישט טרייסטן און גאנצע טעג נעכט שטייט ער ביים ארון קודש און וויינט, ער האלט אין איין איבערחזרן די פראגע צו גאט: פארוואס?

אין איינעם א טאג זאגט ער זיך אפ פון זיין רבנישער קאריערע,קומט קיין לאדזש,וווּ ער לערנט זיך אויס וועבעריי און ווערט אויך א צארטער דיכטער. ער שרייבט לידער וואס קומען פון הארץ,קיין מאל נישט מעכאניש,קיין מאל נישט געקינצלט ,ווי פיל אנדערע דא,וואס מיר ווייסן נישט וואס זיי זאגן, און – ווער ווייסט – אפשר ווייסן זיי אליין אויך נישט!

ער האט חתונה.זיין ווייב,מרים,און ער לעבן גליקלעך אין דער גרעסטער ארעמקייט,האבן א ליכטיק מיידעלע,בלימעלע,ווען דער דאזיקער איידעלער פרינץ,שמחה בינום, ווערט ארייגעווארפן אין געטא מיט א פארמעגן פון 5 מארק,אין אזא שרעקלעכער צייט ווען מ'מוז האבן שטארקע עלנבויגנס צו קאנען זיך צו עפעס דערשלאגן.ווי שווער איז עס פאר א מענטש ווי בינום צו לעבן אין די דאזיקע באדינגונגען?

ווי מיר ווייסן איז שמחה בינום בערקאוויטש אין דער אמתן דער גרויסער פאעט ש.שייעוויטש,וואס האט אין לאדזשער געטא,אין יאר 1942, אנגעשריבן די גרויסע פאעמע "לך לך". חוה ראזענפארב שילדערט דעם גרויסן געראנגל צווישן דעם דיכטערס געוויסן און דעם גרויסן טאלאנט,וואס שטופט אים ממש צו זיין שעפעריש און ווען עס געלינגט אים עפעס איז ער אזוי גליקלעך,ווייל דאס איז זיין לעבן.ער שרעקט זיך אבער כסדר,אז די אנגעשריבענע ווערטער זיינען צו שיין,אנטשפרעכן נישט די שרעקלעכע צייט אין וועלכער ער לעבט.

ווי ווילט זיך אויסשרייען צו די מערדער פון אונדזערע ברידער: נעמט אוועק אייערע שמוציקע הענט פון די איידלסטע פון דער מענטשהייט,פון אונדזערע פאעטן די שמחה בינומס,און אלע,אלע וואס בלוטיקן פאר א בעסער,ריינער וועלט.

הייליק זיינען די נעמען וואס איך האב דא דערמאנט,די געשיכטע וועט משפטן אמאל צווישן אונדז און זיי...

צו חוה ראזענפארב, וואס האט די געשטאלטן אזוי וווּנדערבאר ארויסגע-
בריינגט, וועט מען זיך דארפן נאך פיל מאל אומקערן.

# איך קוק אויף דיין פנים

איך קוק אויף דיין פנים און בלייב פולשטענדיק אין דעם אמת פון דיין יעדן וואָרט.

כאָטש איך בין נישט זיכער אויב עמיצער שטעלט זיך אפ,אויב עמיצער גיט צו די מינדסטע באַדייטונג צום אויסזען פון א מענטשנס פנים,איז עס אבער מיין שטענדיקע געוווינהייט זיך איינצוקוקן רויק צום פנים פון מענטשן,און פיל מאל דוכט זיך מיר,אז דער אויסזען פון פנים זאָגט פיל מער ווי זיינע רייד.

און אזוי בין איך באַאיינדרוקט געוואָרן פון דיין אויסזען,דיין הויכער שטערן פול מיט קנייטשן,דיינע גרויסע פאַרשנדיקע אויגן,דיין גאַנצער אויסדרוק פון פנים זאָגט עדות,אז מיר האָבן פאַר זיך א גרויסן מענטש מיט א טיפן געוויסן און א האַרץ וואָס לאָזט נישט רוען (נישט בעקוקט אויף אלע געפאַרן),אַרויסצוקומען מיטן אמת,א זאַך וואָס געשעט אזוי זעלטן צווישן מענטשן,ספּעציעל אין דיין לאַנד!

און זאָלן דיך נישט אפּשרעקן די אַזויגערופענע שטימען פון פאָלק,וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין די צייטונגען פון דיין לאַנד,און אפילו אין אַנדערע לענדער פון דער וועלט.קליינע און פאַרקריפּטע נשמות זיינען אלע מאל געווען,איז עס דען א וווּנדער,אז זיי זיינען דאָ איצט? ------------------------------

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

איז דען עמיצער אַרויסגעקומען מיט א פאַקטישער אַפּליקענונג,אז דאָס גרויסע פאַרברעכן פאַר וועלכן דו ביסט געווען פאַרמשפּט צו 10 יאָר קאַטאָרגע,איז באַשטאַנען אין דעם,וואָס דו האָסט אין א פּריוואַטן בריוו צו א פריינד קריטיקירט דיינע פירער פון לאַנד?

און איצט,אז דו האָסט בעקומען באַשרייבן געבוי וואָס עס טוט זיך אין די תפיסות,האָט מען דיינע ביכער נישט געוואָלט דרוקן דאָרט,און דו האָסט געמוזט בעהיים דיינע מאַנוסקריפּטן אַרויסשיקן קיין אויסלאַנד.

אויב דאָס געוויסן פון די היינטיקע מושלים איז ריין,פאַרוואָס האָבן זיי זיך געשראָקן צו פאַרעפנטלעכן דיינע ביכער?

דאָ אין קאַנאַדע איז מיר נישט באַקאַנט אויב עס געפינט זיך,אפילו איין פּאָליטישער אַרעסטירטער,ביידן אייגער,וואָס איז דירעקט פאַרמישט אין מאָרד.אלע

אנדערע ווערן לויטן קאדעקס פון לאנד גלייך באפרייט צוליב דעם בעזעץ פון "פרייהייט פון ווארט".איז ביי אייך אין לאנד נישטא אזא בעזעץ?! מער פון 50 יאר נאכן פארפעסטיקן דעם באלשעוויסטישן רעזשים,זיינען נאך אלץ דא פא-ליטישע פארשיקטע?!

און איצט,זאגט מען מיר,האסטו גליקלעך אפגעשניטן,וואס מ'האט דיר א לע-בעדיקן פון דיין לאנד,ווו דו ביסט געבוירן און דערצויגן,ארויסגעטריבן. זיי האבן דאך דיר נאך אמאל געקאנט פארשיקן אדער גאר אומברענגען! דערמאנט עס נישט יענעם משל מיטן לייב וואס זאגט צום פויגל,וואס האט אים געראטע-וועט פון דערשטיקט ווערן: "דארפסט זיך שעצן גליקלעך,וואס דו ביסט א לעבע-דיקער פון מיין מויל ארויס".

עס גייט מיר נישט ארויס פון זינען וואס עס איז געשען מיט טראצקין,ווען מ'האט אים פון זיין לאנד פארטריבן.ווי מיאוס און פארעטעריש האט זיין מער-דער,אונטער דער מאסקע פון א פריינד,צו אים אין הויז זיך אריינגעקריבן און דארט זיין שליחות אויסגעפירט.ווען איך שרייב די שורות זע איך די געפאר פאר דיר,עס זאל זיך,חלילה,דאס זעלבע נישט איבערחזרן.

עס קאן זיך טרעפן,כלומרשט,אן עקסידענט.עס וועט הייסן - אונדזערע הענט זיינען ריין,באטש אלע וועלן וויסן אז זייערע הענט זיינען שווארץ ווי סא-דזע.ווער וועט עס וואגן צו זאגן עפנטלעך,עס קאן דאך שטערן דעם "דעטאנט"!

---

צולעצט א ביסל וועגן יידן.

דו האסט דערמאנט וועגן יידן אין שייכות מיט דעם דאקטורים בלבול,אויך אין שייכות מיט זייערע געהיימע פלענער וועגן ארגאניזירן פאגראמען און ארויסשיקונגען.דו האסט אבער ביז איצט גארנישט געזאגט וועגן די ארעסטן און טויט-אורטיילן איבער כמעט אלע יידישע שרייבער,אקטיארן,שול פירער,אן אן עפנטלעכן משפט,אן פארטיידיקער.זייערע משפחות האבן אפילו נישט געוווסט, פאר יארן לאנג,ווו זיי זיינען און וואס עס איז געשען צו זיי. איך בין זיכער,אז דו האסט וועגן די אלע זאכן געהערט און אפשר וווייסטו גאר א סך וועגן די ענינים,אבער נישט געהאט די געלעגנהייט וועגן זיי צו שרייבן.

דו ווייסט אוודאי אויך וועגן די אנטיסעמיטישע ביכער, וואס ווערן ארויס-
געגעבן פון די רעגירונגס אגענטורן. דאס זייגען אלץ זאכן וואס זייגען נוגע
אלע יידן פון דער וועלט. אויך די געשעענישן ארום ישראל, אין שייכות מיט
די יידן פון רוסלאנד.

אזוי ווי מיר קוקן אויף דיר ווי אויפן געוויסן פון רוסישן פאלק, אפשר
וועסטו זיך אומקערן צו אונדז אויפריכטיק און אמהדיק ווי אלץ וואס דו
שרייבסט. איך גלויב נ י ש ט אז אויך דו ביסט א שונא פון יידן, ווי
מ'וויל מיר איינרעדן.

## מענטש און ייד - ווי מיר זעען עס היינט

פארוואס פונקט היינט? ווייל לעצטנס זיינען פארגעקומען 3 קליינע אינצי- דענטן,וואס האבן מיך צוריק געבראכט צו דער אור-אלטער טעמע - ישראל בין העמים.

דעם לעצטן יום-כיפור,ווען עס זיינען אנגעקומען די שלעכטע ידיעות פון ישראל,האט מען אין א יידישער הויז אין מאנטרעאל געפרעגט די גוישע שנור,וואס איז אן אקטיווע "יהוה'ס עדות",וואס וועט איצט געשען אין ישראל? האט זי,וואס ווייסט אלע ענטפערס פון דער "ביבל" גלייך דערקלערט: אז איצט ווען די אראבער זיינען אזוי פיל און אזוי שטארק,וועלן זיי זיכער אויסהר- גענען אלע יידן.ווען אירע שוועגער און שוויגער האבן א ציטער געטאן,האט זי זיי באַרויקט: אזוי ווי עס דערנענטערט זיך דער סוף פון דער וועלט,איז עס נאך פון פריער באשטימט,אזוי שטייט אין דער ביבל און 'דאטס אל'!

איז דא בילטיק דאס ווערטל, "וואס איינער ווינטשט זיך אזוי טראכט ער?

דער צווייטער פאל איז פארגעקומען אין האליפאקס.א מאנטרעאלער ייד האט ההונה געמאכט זיין איינציקע טאכטער צו א גוי און ביידע האבן מסכים גע- ווען צו א ציווילע חתונה.זיינען די מחותנים פון דערביי געשטאנען אין באזונ- דערע ווינקלען און געוויינט.3 יאר האט דער יידישער פאטער געהאלטן די גע- שיכטע בסוד.אזוי לאַנג ווי זיין אלטע מאמע פון 90 יאר האט געלעבט האט ער נישט געוואלט איר אנטאן דעם צער.לעצטנס,ווען זי איז געשטארבן,איז ער גע- קומען צו דער לוויה און ערשט איצט האט ער עס אויבדז דערציילט.

האט עס אויך א שייכות צום ענין?

און נאך א קליינער אינצידענט,אין מיין אייגן הויז.ווען איך פרעג,ווען קומט די גויע ריינימקן דאס הויז,שרייען די קינדער: פארוואס עפעס גויע,האט זי נישט קיין נאמען?

ווי לאנג איז עס שוין זייט איך האב דאס ערשטע מאל געהערט דעם ארויס- רוף: "זיי א ייד אין שטוב און א מענטש אין גאס".דעמלט בין איך נאך געגאנ- גען אין חדר און עס האט געקלונגען אזוי לאגיש,אויב מיר וועלן זיך קליידן און ריידן ווי די גוים,וועלן זיי אויף אונדז נישט אנפאלן,זיי וועלן דאך אפילו נישט וויסן ווער עס איז א ייד...

ווי נאיוו איך בין געווען און ווי נאיוו זיינען געווען די,וואס האבן

דאס שיינע קלינג-ווארט געשאפן.איז עס נאר אין די קליידער און שפראך גע-
באנגען? ווען די יוגנט,באאיינפלוסט פון משכילישן דור,האט די לאנגע קליי-
דער אראפגעווארפן,געזוכערעוועט רוסיש אנשטאט תורה און זיך געריסן אין די
אוניווערסיטעטן,האט מען פאר זיי געשאפן א פראצענט נארמע.אין די גרויסע
שטעט האט מען יידן נישט אריינגעלאזן,פארווערט זיי צו קויפן ערד און פאר
א צולאג נאך ארגאניזירט פאגראמען.ווען פוילן איז געווארן זעלבסשטענדיק,
נאך דריי הונדערט יאר אונטערן צארישן קנאפל,האט מען גאר פשוט די מאדערן
בעקליידטע און פויליש-ריידנדיקע יידישע סטודענטן פון די קאלעדזשעס ארויס-
געווארפן און נאך פארפירט בלוטיקע געשלעגן פאר א צולאג.
וואס עס איז שפעטער געשען צו די דייטשע יידן,וואס ס'רוב פון זיי זיי-
נען געווען פולשטענדיק אסימילירט,נישט נאר אין קליידונג און שפראך,דאס
איז א קאפיטל פאר זיך.ווי אזוי די וועלט האט רעאגירט ווען עס זיינען אנ-
געקומען די נייעסן וועגן די יידישע שחיטות,דאס וועלן מיר אויך אייביק
געדענקען.
מיר וועלן אויך נישט פארגעסן די צייטן ווען אין קלאסישן לאנד פון
פרייהייט,אמעריקע,זיינען אין אזוי פיל האטעל אריינגאנגן געהאנגען אויפ-
שריפטן "פאר הינט און יידן איז דער אריינגאנג פארבאטן".און וויפל מאל
האט מען דערמאנט אז די פריינדלעכע באציונגען צווישן יידן און גוים אין
אמעריקע איז נאר פון 9 אין דער פרי ביז 5 נאך מיטאג.אז נאך דער ארבעט
גייען זיי זיך יעדער באזונדער.איז עס נישט אמת נידן היינטיקן טאג?
און וואס איז געשען מיט אונדזערע ברידער אין דעם גרויסן רוסלאנד?
זיינען די טויזנטער יידישע קרבנות אין קאמף פאר דער רעוואלוציע,געווען
נישט מער ווי האלץ אויפן מזבח,פאר אנדערע? איז עס א וואונדער,וואס אזוי
פיל יידן רייסן זיך ארויסצופארן און לעבן צווישן אייגענע?
נישט אומזיסט טרעף איך אלץ מער יידן וואס זיינען אנטוישט אין סאציאליזם.
עלטערע מענטשן,מיט רייפע געדאנקען,זאגן מיר: זאל עס נאר נישט קומען צו
סאציאליזם אין קאנאדע,בעסער ווי איצט וועט עס זיכער נישט זיין. די אנ-
טוישונג גייט נאך ווייטער: נישט נאר האט מען זיך אנטוישט אין סאציאליזם,

מען איז אויך געוואלדיק אנטוישט אין אונדזער גאנצן סיסטעם פון וועלט-לעבער דערציונג.פיל זאגן מיר,ווען זיי האבן איצט קינדער אין שול-עלטער וואלטן זיי געשיקט נאר אין די לובאוויטשער ישיבהס.קיין איינער,וואס קומט ארויס פון לובאוויטשער חדר נוצט נישט קיין דראגס,האט נישט חתונה מיט גוים א.א.וו.

הייסט עס,אז אונדזער יידישע וועלט גייט אין רעגרעס? הייסט עס,אז דער "עם לבדד ישכון" וועט אויף אייביק בלייבן?

איך האף נאך אלץ אויף דעם טאג,ווען אלע מענטשן וועלן זיין ברידער און מיר וועלן נישט דארפן אנטלויפן פון דער וועלט.נישט אויפן סמך פון דער פארגאנגענהייט זאג איך דאס און נישט ווייל איך פיל זיך איינזאם צווישן מיין אייגן פאלק און איך גייטיק זיך אין א גרויסער בעזעלשאפט. עס איז פשוט נישט לאגיש צו דענקען,אז די וועלט וועט אייביק בלייבן אין א צושטאנד ווען מענטש צו מענטש איז א וואלף.

צווישן אלע פרייע,גליקלעכע פעלקער,וועלן אויך יידן נישט זיין מער אליין!

## יידן זינגען און דאווענען . . .

צום חודש פון יידישער מוזיק איז געווען אנאנסירט אן אוונט פון יידי-שע פאלקס-לידער אין סאמועל בראנפמאן הויז,אויסגעפירט פון חזן שלמה גיסער.דער אנאנס האט מיך א צי געטאן.ערשטנס דער פלאץ.איך וואלט זיך גארנישט געגלויבט אז מ'וועט דארט,אין די רייכע און הויכע פענצטער,לאזן זינגען יידיש.צווייטנס,די פערזאן – גיסער.ער איז שוין אין מאנטרעאל 22 יאר און איך האב אים נאך קיינמאל נישט געהערט.און דריטנס,א ביסל דעריננערונגען פון די גרויסע פאלקס קאנצערטן אין ווארשע,ווען קיפניס און זעליגפעלד האבן ביי פול-געפאקטע טעאטער זאלן אזוי באגייסטערט די יידישע פאלקס מאסן,אז עס האט דערהויבן דעם מוט פון יידן אין די ביטערע יארן פון הונגער און נויט.דאס יידישע פאלקס-ליד האט דערווארעמט דעם טרויער און אומעט פון יידישן הארץ.איך גלויב קוים,אויב עס איז געווען אמאל אזא אויפלעבונג פון יידישן פאלקס-ליד ווי אין יענעם פעריאד 30 – 1920.

צום דאזיקן קאנצערט זיינען געקומען ארום הונדערט מענטשן,מערסטנס על-טערע,קענטיק מיט א געפיל פון פרייד בייצוזיין אזא פיינעם און ר י י-נ ע ם געזאנג פעסטיוואל.און כ'קאן זאגן,אז קיינער איז נישט געווען אנטוישט.סיי די פיינע שטימע פון זינגער,סיי די לידער,אזעלכע ווי: "זאל זיין", "משהלע מיין פריינד", "זאל שוין קומען די גאולה", "א יידישע חתונה", זיינען געווען אזוי שיין און לויטער,אז אלע,אן אויסנאם,האבן זיך געפילט גוט און דערהויבן.דער קלימאקס אבער,ווען עס האט א ציטער גע-געבן דאס יידישע הארץ,איז געווען,ווען ער האט געזונגען דאס ליד פון ש. קאטשערגינסקי "ווארשע".ווען האט נאך,ביז איצט,דער עולם אין מאנטרעאל געהערט מיט אזוי פיל געפיל ארויסגעבראכטע די ווערטער – דאס יידישע וואר-שע,נישטא נאך אזא אײנע – ביי אלעמען זיינען געשטאנען טרערן אין די אויגן.איז עס דען א וואונדער?

און איצט וועגן דאווענען.

אויב דער חזן גיסער זינגט אזוי שיין אויף א פרעמדער בינע,ווי גוט מוז ער זיין אויף זיין אייגענער?

אין דער גרויסער שול שערי ציון,זיינען דעם שבת געווען פארזאמלט

ארום 150 מתפללים, נאר ארום 15-20 פרויען און וויינציקער ווי 10 קינדער. דער זאל איז העל באלויכטן, שיין דעקארירט. דער אויבנאן איז באזעצט פון 2 יידן אין צילינדערס, דער רב און חזן אין שווארצע קאפאטעס איבער זייערע טליתים. דער עולם זעצט זיך און שמועסט זיך ווען דער רב הייסט. ער דערמאנט אויך אויף וועלכער זייט מ'דארף מישן די סידורים. איך וויל ארויסלייענען פון די פנימער אויב זיי ווערן מיטגעריסן מיט דעם וואס ער זאגט זיי, ווייל ער רעדט א ביסל פארן לייענען די תורה און א 20 מינוט נאכן לייענען. ער רעדט וואס מ'רופט דברי מוסר. ער זאגט, אז פון דער היינטיקער סדרה לערנען מיר, אז מ'זאל נישט איבערלאזן צו אנדערע צו טאן פאר אונדז ווי עס בעשעפט. אז צדקה גיבן מיר דורך פראפעסיאנעלע געלט זאמלער און אונדזערע קינדער ווערן דערצויגן דורך לערער וואס טוען עס מעכאניש, אן הארץ. דערפאר האבן מיר אזעלכע רעזולטאטן.

דער עולם זיצט רויק און עס דוכט זיך מיר, אויך גלייכגילטיק. אבער באלד נעמט מען ארויס די תורה, וועלן אלע זיך צונערן אויפמערקזאם צו די איינצלהייטן, ווי אזוי מען האט געבוירט דעם משכן.

איך קוק נישט מער אויף די ארומיקע. א ווארט פון בעל קורא פארכאפט מיך; ער דערמאנט דאס ווארט חכם-לב, וואס יהואש פארטייטשט עס "קלוג-הארציק". דאס איז א ביי ווארט פאר מיר, מיר באנוצן עס קיינמאל נישט, מיר מישן נישט קלוג מיט גוט. מ'האט אונדז גאר געלערנט אז "א גוטער איז א נאר". זעט אויס אז זיי האבן עס אמאל אנדערש פארשטאנען - א גוטער איז א קלוגער, ער איז א חכם-לב. ווייס איך נישט ווי עס פילט דער עולם, אבער איך הער עס מיט ברוים פארגעניגן. אבער דאס איז נאך נישט אלץ! אפגעלייענט די תורה, קומט ארויף א קליין יידעלע און מיט א וואונדערבארער זיסער שטימע און מעלאדיע לייענט ער די הפטורה פון יחזקאל - 36: "אזוי האט בעזאגט גאט דער האר צו די בערג און צו די הייכן, צו די בראכנס און צו די טאלן, און צו די וויסטע חורבות, און צו די פארלאזענע שטעט, וואס זיינען געווארן צו רויב און צו שפאט... און איר בערג פון ישראל וועט געבן אייערע צווייגן, און טראגן אייער פרוכט, פאר מיין פאלק ישראל... איר וועט באארבעט ווערן און פארזייט ווערן. און איך וועל מערן אויף אייך מענטשן, דאס גאנצע הויז

פון ישראל אין באנבן; און די שטעט וועלן באזעצט ווערן,און איך וועל אייך צונויפנעמען פון די פעלקער,און וועל אייך איינזאמלען פון אלע לענדער, און וועל אייך ברענגען אויף אייער ערד,ווי די שאף אין ירושלים אין אירע יום-טובים,אזוי וועלן זיין די חרובע שטעט פול מיט מענטשן שאף".

דער ייד לייענט שיין און הארציק.איך דערמאן זיך גלייך,אז דער זעלבער נביא יחזקאל האט דאך נביאות געזאגט וועגן די טרוקענע ביינער פון טיפן טאל,וואס וועלן זיך מיט פלייש באדעקן און וועלן צוריק לעבעדיק ווערן,און איך וועל אויפגעמונטערט.וויפל טויזנטער יארן ווי יידן קלאמערן זיך אין די ווערטער פון די גרויסע נביאים.אפילו אין דער קאלטער גוישער אמעריקע ווערן יענע ווערטער נישט פארגעסן! יא, עס איז געווען אן אומפארגעסלעכע סוף-וואך.

דאס ערשטע מאל וואס איך האב זיך באקענט מיט חלומות איז געווען ווען דער חומש-מלמד האט מיט אונדז געלערנט די אטעם-פארכאפנדיקע געשיכטע וועגן יוספן און זיין כתונת פסים, וואס האט אים דערפירט צו ווערן א באַ- שיידער פון חלומות און שפעטער א שני למלך, און אדאנק וועמען עס האט זיך אנגעהויבן די גרויסע געשיכטע פון יידן, וואס זיינען פארשקלאפט געווארן און שפעטער באפרייט געווארן. ווער ווייסט, אפשר וואלט די יידישע געשיכטע געהאט גאר אן אנדער גורל ווען יוסף אנטלויפט נישט פון פוטיפערן און ווערט נישט אזא גרויסער באשיידער פון חלומות...

פארפאלן, יענעם קאפיטל פון דער יידישער געשיכטע קלויב איך זיך זיכער נישט צוריק צו דרייען. טא לאמיר דא ווייטער דערמאנען, אז איך בין געווען פון די גליקלעכע מענטשן פון מיין דור, וואס זיינען נישט געפלאגט געווארן פון קאשמארן און זיינען אויך נישט געווען פון די טרוימער בייטאג און חלומות ביינאכט. עס געדענקט זיך מיר אבער זייער גוט די פרעכטיקע חלומות וואס עס האבן מיר דערציילט די צוויי בראנזענע יונגען פון ווארשע, די צוויי ברידער, טעלער, מצבה קריצער, וואס זיינען אין זייער אויסזען בארנישט ענ- לעך געווען צו בעלי-חלומות. פארקערט, מ'האט געקאנט מיינען, אז נאכן האקן א גאנצן טאג מיט אן אייזערנעם שטאם-אייזן אין שטיין, דורכן גאנצן זומער און ווינטער גאר אונטער א דאך, אבער אין דרויסן, וואלטן זיי, אייגנטלעך, בעדארפט שלאפן שטארק און רויק, אזוי ווי מיר האבן עס געלערנט - זיס איז דער שלאף פון ארבעטס-מאן - האבן דווקא, זיי, אלעמאל ווען מיר האבן זיך בא- געגנט, געהאט צו דערציילן פון זייערע חלומות, וואס האבן מיר גענומען אויס- זען גאר ווי פאנטאזיעס. די לאגיק איז געווען זייער איינפאך: אזוי ווי זיי האבן ביי דער ארבעט נישט געקאנט ריידן צוליב דעם טומל, האבן זיי אויסגע- טראכט פאנטאסטישע געשיכטעס, און וואס מען טראכט בייטאג חלומט זיך ביינאכט. פארשטייט זיך, איך האב זיי דעמלט נישט געזאגט אין וואס איך בין זיי חושד. לאמיר האפן, אז זיי האבן אויסגעמיטן די שרעקלעכע ווירקלעכקייט וואס איז באפאלן ווארשע און זיי קאנען ווייטער שפינען זייערע פאנטאזיעס, אדער חלומות, ווי זיי ווינטשן זיך עס גאר אליין.

היינט פרעגט זיך, צוליב וואס איך מיטן דערינען חלומות? ווייל לעצטנס

הער איך זייער אפט פון עלטערע מענטשן וועגן דראמאטישע געשעענישן וואס עס האט זיך מיט זיי געטראפן און כמעט שטענדיק איז עס פארבונדן מיט חלומות, עמיצער איז קראנק געווען און אין דער קריזיס־נאכט האט זיך אן אלטער זיידע באוויזן אין חלום, האט בארויקט, און צומארגנס איז אים טאקע געווארן בעסער. אן אנדערער איז געווען ארעסטירט און אין שלאף האט זיך אים געחלומט זיין פ..רשטארבענער טאטע, וואס האט אים געזאגט, ער זאל זיך גארנישט שרעקן, און צומארגנס האט מען איס באפרייט... עס טרעפט אבער ביי סענסיטיווע מענטשן מיט פאעטישע נשמות וואס חלומען קאשמארן, וואס ברענגען נישט קיין טרייסט, קיין דערלייכטערונג ביים אויפוועקן. מערסטנס זיינען עס דערינערונ־גען פון טראגישע פאסירונגען, וואס מ'האט דורכגעמאכט. זוך איך יענע ווערטער וואס מ'האט געענטפערט אייבעם וואס איז געקומען זיך פותר חלום זיין, און מיר דוכט, אז זיי זיינען פאר היינט נישט גוט גענוג. איך טראכט אבער וועגן אייבעם א בעל חלומות, א פאנטאזיאר, וואס האט געלעבט מיט ארום 100 יאר צוריק און ריידנדיק וועגן אים ווערט זיך עס שוין דערקלערן פארוואס איך האב דערמאנט אין נאמען פון מיין עסעי דאסווארט "נאך עפעס".

ווי אפט הערן מיר פון פאעטן, וואס באקלאגן זיך, אז די הייגטיקע וועלט האט נישט קיין ליבע, קיין רחמנות, קיין צארטקייט, קיין איידלקייט. ווען איך הער די אלע טענות דערמאן איך זיך, אז כמעט אין דער זעלבער צייט ווען איך האב געלערנט וועגן יוספן און זיינע פאסירונגען, האב איך אויך געלערנט די מעשיות פון נחמן בראסלאווער, און איך וועל עס קיינמאל נישט פארגעסן וואס ער זאגט דארט אין דער מעשה פון 7 בעטלער, אז ערגעץ געפינט זיך א קוואל און אז יעדע זאך וואס געפינט זיך אויף דער וועלט האט א הארץ און די וועלט איבגאנצן האט אויך א הארץ, און דער קוואל געפינט זיך אין איין עק וועלט און דאס הארץ פון דער וועלט — אין אנדערן עק וועלט. שטייט דאס הארץ אנט־קעגן דעם קוואל און גלוסט און בענקט שטענדיק עס זאל קומען צום קוואל, און אויך דער קוואל בענקט און גלוסט זייער צום הארץ, אבער אזוי ווי זיי קאנען זיך קיינמאל נישט צוזאמענקומען טרעפט עס אזוי אז יעדן אוונט, נאך דער אנטווישונג פון פארגאנגענעם טאג, הויבן אן ביידע, דאס הארץ און דער

קוואל,זיך בעזעגענען אויף איבער נאכט און זיי הויבן אן זינגען רעטענישן און לידער מיט גרויס בענקשאפט און ליבשאפט...

אט די מעשה אליין איז א גרויס רעטעניש געווען פאר מיר,ווייל ביז דעמלט האב איך נאר געוווסט פון דער ליבע און בענקשאפט פון דער כנסת ישראל צום רבונו של עולם,ווי דער מלמד האט געטייטשט דעם שיר השירים,און דא רעדט זיך גאר וועגן דעם הארץ פון דער וועלט וואס בענקט צום קוואל!

אויב מיר מיינען,אז עס האנדלט זיך דארט נאר וועגן אבסטראקטע זאכן, זאגט אונדז ר' נחמן ווייטער אין דער זעלבער מעשה פון די 7 בעטלער,וועגן 2 מדינות וואס זיינען א טויזנט מייל ווייט איינע פון די אנדערע און ווען עס קומט אן די נאכט הויבן אן אלע מענטשן פוןביידע מדינות צו קלאגן מיט א קול יללה,וואס איז אזוי שטארק און טרויעריק,אז ווען עס זאל ליגן דארט א שטיין וואלט ער צעשמאלצן געווארן.די סיבה פון דעם אלעמען זיינען 2 פייגל, אן ער און א זי,וואס זיינען צעשיידט און קאנען זיך נישט אפגעפינען.דער-פאר ווען עס קומט אן די נאכט הויבן זיי אן קלאגן און אלע מענטשן פון ביידע מדינות - מיט זיי.דאס קלאגן און בענקען אזוי ביידע פייגל צו זייער זיווג.

איז עס נישט א ווונדערבארע שילדערונג וועגן די ערדישע ער און זי ליבע,נישט פארשטעלט מיט קיינע אבצוהערענישן? האט עס מיך טאקע א פאר יאר שפעטער געוווונדערט ווען איך האב געהערט ביאליקס קלאגן זיך אין זיינע - שעהען טריבע,אז מען זאגט,עס איז ליבע אויף דער וועלט דא.וואס איז ליבע - וואס הייסט מען זאגט,ביאליק האט נאר געוווסט וועגן ליבע פון הערן;מער נישט: איז עס נאר צוליב דעם גראם,צו די שעהען טריבע,וואס ער האט בע-פרעגט,וואס איז ליבע...

דערפאר האב איך אוועקגעשטעלט דאס ווארט "נאך עפעס ,ווייל עס איז גאר באנאל צו ריידן וועגן ליבע...און זאלן די ווערטער דינען ווי א טרייסט און א דערמוטיקונג צו אונדזערע יונגע מענטשן פון היינטיקן דור,וואס האלטן ערשט ביים אנהייב פון זייערע חלומות וועגן לעבן און ליבע.און זאלן מיינע ווערטער אויך דינען ווי א נייער אימפעט צום לעבן צו די עלטערע מענטשן

פון אונדזער דור וואס פאלן אריין אין יאוש און עס געשעט אזוי,אז אויך זייערע חלומות זיינען נישט מער קיין פאנטאזיעס; זאלן זיי אלע מאל גע-דענקען וועגן דער הארץ פון דער וועלט,וואס וועט אייביק ציען צום קוואל. זאלן זיי געפינען טרייסט אין וויסן,אז נישט ווי די פארליבטע פייגל,וואס זיינען פארמשפט צו זוכן איינע די אנדערע און זיך נישט געפינען.טרעפט עס אבער מיט מענטשן,אז עס קומט,שפעט,אזא גענענטשטע שעה,ווען מען זעט ווידער ליבע,גליק און צערטלעכקייט,אפילו אין אונדזערע צייטן...

## אַף-אָדע צו דער בלויער מערוע

די וועלט ארום אונדז איז פול מיט לידער גראמען,גלאט אזוי פאר אן אויס-רייד צוצופאסן שרייענדיקע מוזיק און ווערן א "בעסט סעלער".אפילו אויף אונדזערע שמחות מוזן מיר האבן ארקעסטערס,וואס האקן און בראקן ביז צום טויב ווערן.דאס שפילן זיי מוזיק צו באנאלע,אויסגעדראשענע ווערטער,צו וועלכע קיינער הערט זיך אפילו נישט צו.אבי דער טומל איז דא און מ'קאן טאנצן צום ריטם.עס הייסט,אז מ'טוט עס אלץ צופרידן צושטעלן אונדזערע קינדער,און מיר זעען עס טאקע ווי שיין זיי דאנקען אונדז אפ ווען זיי וואקסן אויס...

די סיבה פארוואס גרויסע פאעטן האבן קיינמאל נישט בעהאט,און האבן היינט אויך נישט ,קיין פרנסה פון זייער קונסט,איז פשוט,ווייל עס איז אונדז ביז איצט נישט בעלונגען אזוי צו דערציען די מענטשן,אז די קונסטן בכלל,און פאעזיע בפרט,זאל ווערן א יש אין זייער טאג-טעגלעך לעבן.און אזוי איז עס געשען,אז פון יעדע טויזנט מענטשן,וואס זיינען דא אין קאנאדע,זיינען,מן הסתם,דא 600 וואס נעמען אנטייל אין ספארט,399 שפילן קארטן און אנדערע "גיימס",און אפשר איינער פון טויזנט... לייענט פאעזיע.

מיינער א נאענטער פריינד,וואס געפינט די סיבה פון אלץ וואס איז שלעכט אין אונדזער בעזעלשאפט,אין דער קאפיטאליסטישער ארדענונג,זאגט מיר אז אזוי שנעל ווי אלע מענטשן פון דער וועלט וועלן זיין פארזארגט מיט זייער אויס-קומעניש,וועט ערשט דעמלט די וועלט האבן אן אנדער פנים.די קונסטן וועלן בליען ווי בלומען אין מאי און פאעזיע וועט זיין אזוי הייך קינסטלעריש, אז אלץ וואס איז געשריבן געווארן ביז איצט וועט מען קאנען אפלייגן...

אונדזערע פאעטן פון היינט קאנען אבער נישט ווארטן אויף דעם דאזיקן אחרית הימים.אוודאי איז עס א "פאלג מיך א גאנג" פאר יידישע פאעטן,וואס האבן דערווייל נישט קיין האפענונג אנצושרייבן אזא ליד אויף יידיש,וואס זאל זיך פארקויפן אין מיליאנען פלאטן און ווערן דערפון איבער נאכט מיליא-נערן... שטייען מיר דערפאר פאר די אויגן די אויסגעדארטע,טעמעוודיקע יונגע-לייט,וועגן וועלכע עס דערציילט אהרן צייטלין,וואס זיינען געקומען פון די ארעמע פוילישע פראווינץ שטעט קיין ווארשע צו זיין פאטער הלל צייטלין,

מיט דינע העפטעלעך לידער אין זייערע קעשענעס,און האבן אזוי בעלעבעט צו הערן א ווארט פון ליב און אנערקענונג.און אנדערע פון זיי וואס זיינען ארייננעפאלן מיט א פרייד: פרילוצקי האט געזאגט,איך האב טאלאנט. נבי פרילוצקי איז געווען דער ארויסגעבער פון דער ווארשעווער יידישער טעגלעכער צייטונג "דער מאמענט".

אומגעקומען זיינען יענע ענטוזיאסטישע יונגע-לייט,וואס האבן זיך אזוי געריסן כאוווסט צו ווערן.ווער ווייסט וואס פארא גרויסע ווערק עס וואלט צוגעקומען צו אונדזער פאלקס אוצר,ווען יענער ארעמער יידישער ישוב אין פוילן וואלט געבליבן לעבן.א פאקט איז אז דער פינף מיליאניקער יידישער ישוב אין אמעריקע האט ביז היינט נישט ארויסגעגעבן קיין איין גרויסן יידישן נאוועליסט אדער פאעט...

עס איז אזוי בעשען אז נאך אין די פריסטע יארן פון מיין לעבן האב איך מיט גרויס פארגעניגן געלייענט און געזונגען לידער.שוין לאנג זיינען מיר בעגאנגען איבער די ווארשעווער גאסן און געזונגען קולבאקס "כ'בין א כחור א הולטיי/האב איך מיר א שטעקן,/שפאן איך אין אלע עקן,/טרעף איך מיר א פויערל אן/ צא סליכאטש נא שוויעטשע?/ הערט ער אויס,ענטפערט מיר:/ שוויעטשע פעטשע מעטשע".

מיר האבן אויך געזונגען זשיטלאווסקיס "ס'איז אוועק דער נעכטן,/ ס'איז נאך נישטא דער מארגן,/ ס'איז נאר דא א שטיקעלע היינט,/ פארסמט עס נישט מיט זארגן"... און איך מער ערנסטע צייטן,וויפל מאל האב איך נאכגע-זאגט צוזאמען מיט י.ל.פרץ זיין געבעט און פראגע צו גאט: "ווען וועסטו פארשיטן דעם אפגרונט דעם טיפן,/ וואס טיילט דיינע קינדער אויף שטארקע און שוואכע,/ אויף לעמער און שינדער?" פופציק יאר זיינען אריבער און נישט איין שול ביי איך דאווענען,כיחידות דאוון איך נאך אלץ פרצעס געבעט.

אויך דאס ליד וועגן פאסטעכל,וואס האט פארלוירן זיינע שעפעלעך,קלינגט נאך אלץ אזוי הארציק; וויפל יארן בעדענקען עס אפילו מיינע קינדער,ווי אזוי איך פלעג אזוי אפט מיט זיי איינזינגען: "איז געווען אמאל א פאסטעכל, א פאסטעכל".אגב זאל עס דא פארצייכנט ווערן,אז דער טאן און אינהאלט איז גאר אנדערש פון ווייספערס "א פאסטעכל,א טרוימער",שטענדיק האב איך נאר

גוטס בעהערט וועגן דעם פאסטעכל,אנהויבנדיק פון משה רבנו,וועמען גאט האט אויסגעקליבן צו זיין א פאסטעך צו יידן,ווייל ער האט געזען ווי צארט ער באציט זיך צו זיינע שעפסעלעך - און דא,פון דער העלער הויט,באשטימט וויינפער צו מאכן פון דעם גוטן וואכזאמען פאסטעכל,א טרוימער גאר,און ער זאגט צום סוף,אז אזא פאסטעך מיט א שטעקן מעג די ערד פארדעקן.וואלט וויינפער היינט געלעבט וואלט איך אים עס גלייך געזאגט: מאך אים נישט פאר א טרוימער און ווינטש אים נישט,אז די ערד זאל אים פארדעקן!!!

אבער נישט דאס בין איך אויסן.

צי מעג מען פון א באלאדע האבן א גייסטיקן פארגעניגן? דאס פרעג איך זיך ווידער און אבער,ווען איך לייען לייוויקס "די באלאדע פון דענווער סאנאטאריום". ווי וואונדערבאר,ווי טיף איז לייוויק צוגעקומען צו די ליידן פון מיט-מענטש.עס איז אזוי טראגיש,אזוי טרויעריק,און אזוי שיין! איך באדויער יענע מענטשן,וואס לייענען נישט און פארטיפן זיך נישט אין דער וואונדערבארער קונסט,וואס מיר רופן פאעזיע.עס איז געווארן א טייל פון מיין טאג-טעגלעכן לעבן דאס ליד "ערב רעגן",פון רחל קארן,ווו זי שילדערט די פרייד אין וואלד נאך דער גרויסער היץ און טריקעניש,וואס דראט אלץ און אלעמען מיט טויט און אונטערגאנג,ווען דער רעגן קומט ווי א ברכה און א גליק.יארן ווי איך זאג עס אלעמען,ווער עס באקלאגט זיך נאר אויפן רעגן: ניין,זאג איך,אונדזער גרויסע פאעטעסע האט עס אנדערש פארשטאנען! און אלע זיינען מיט מיר מסכים...

ערשט היינטיקע וואך האב איך געלייענט דאס וואונדערבארע ליד "דער אורח" פון אריה שמרי,וועגן דעם ציגיינער וואס גייט ארום און שרייט: האט איר וואס צו פארריכטן,א האנדל,א טאפ? און דער הייליקער ייד וואס הערט עס זאגט אים: - - - - יא,צו פארריכטן האב איך א סך,נאר נישט דו מיט דיין בליי און דיין גאנצן געמאך.דער ציגיינער גייט אוועק,און דעמלט דערקענט דער ייד,אז דאס איז ע ר, וואס פארריכט די וועלט מיט א ט ר ע ר. דער ציגיינער לייגט אראפ דעם זאק,גיט א צוק מיט דער באק און ביידע שמייכלען,זיך דערקענט... ביידע שטעלן זיך ביי דער וואנט און זאגן תיקון חצות בייגאנד,

ווי א ייד מיט ייד,פאר יידן א סך,און א גאנצע גאנצע דיינען זיי וואך.

איך האב געלייענט לידער וועגן ציגיינער וואס זינגען ביי דעם פייער א גאנצע נאכט,און ווער ווייסט וואס נאך,אבער א ציגיינער א למד־וואוניק? קענטיק,אז נישט נאר א שניידערל,אן אריזון-מאכער,א טאפי יידעלע,אויך א ציגיינערל קאן זיין איינער פון די למד-וואוו. בראווא שמרי,יפי דרשת!

לעצטנס איז אנגעקומען דער נומער 81 "באלדענע קייט",געדרוקט אין די טעג פון דער יום-כפור מלחמה,אין דעם לאנד וואס היילט אונדזער בלוטיקן נעכטן מיטן בלוט פון אונדזער גרויסן הייגט... די דאזיקע ווערטער זאגט די רעדאקציע אין א באמערקונג צום סוף פון זשורנאל.דארט איז דא א ליד פון שלמה רויטמאן,וואס איז ערשט געקומען קיין ישראל פון רוסלאנד,ווו ער האט פארנומען אן צגעזעגן ארט פאר יארן לאנג.דאס ליד - די בלויע מעווע - האט געצויגן מיין אויפמערקזאמקייט.דוכט זיך,וואס קאן מען זאגן צו א מע-ווע וואס זאל אזוי מיטרייסן,אז אפילו צו דער לבנה זינגט מען נישט מער! אפשר איז עס נאר געבליבן די פאעטן צו זינגען צו די שטערן,ווייל די מיס-טעריע פון דער לבנה איז דאך שוין האלב אויפגעדעקט.פון די שטערן נאך נישט.אבער לאמיר נאר הערן,וואס פרעגט שלמה רויטמאן די מעווע,זעענדיק ווי די מעווע פליט ארויף און אראפ: עס מארדעוועט און קידעט אזוי מיט דיין געביין ווי גלייך דו וואלסט אוועקגעפלויגן פון זיך אליין/ווו מ'האט מיט דיר געווארפן,געלאפן ווי פון פעסט,/ווו מ'האט דיר אויסגעווארפן, געגנוג שוין זיין אויף קעסט: / איך ווייס,איך ווייס דיין טבע,/אז ווו נאר בראך און שניט/מיין גורלדיקע מעווע,דארט ביסטו אין דער מיט".

ער ענדיקט אזוי רירנדיק זיין פלאן פאר דער מעווע,אז אויב א היים זי זוכט,קאן ער איר געבן: - א היים,וואס ברענט און ציטערט און האלט דערפאר זיך פעסט,/ אוי,ווייטע מעווע,מיין הארץ איז דיר א נעסט".

מיר לייענען אזוי פיל לידער,אזוי פיל שיינע ווערטער אין זיי.פיל מאל לייען איך די פערזן 2-3 מאל,ווייל געפינען דעם געדאנק,דאס בילד,און קאן נישט.איך פרעג זיך אליין: איז עס געווען די כוונה פון דעם פאעט עס זאל זיין שווער צו פארשטיין,ווערט מען עס פיליכט לייענען... הלוואי זאלן פאעטן נעמען "די בלויע מעווע" פאר א מוסטער.ווי שיין,ווי בילדלעך און

ווי טיף מענטשלעך און יידיש מען קאן שרייבן היינט.אויב עס איז מיר איינגעפאלן צו שרייבן אן אדע צו רויטמאנס ליד איז א סימן אז גוטע לידער געפינען אן אפקלאנג און זאל עס דינען ווי א דערמוטיקונג צו אונדזערע פאעטן,אז ערגעץ דערהערט זיך א ווידער-קול פון זייערע שא-פונגען.

# יזכור

איך קלאפ אין שולחן און רוף אויס הויך אלע זאלן הערן: מיר בזייען זאגן יזכור, די וואס דארפן די תפילה נישט זאגן זאלן ארויסגיין! וואס, קיינער גייט נישט ארויס? זייענען מיר, הייסט דאס, אלע אבלים. אלע יידן פון דער וועלט זייענען געווארן אבלים נאך די יארן 1945 - 1939. ווער האט עס אונדז אלעמען, מיט איין קלאפ, געמאכט פאר אבלים? ד י י ט ש ן... איך בעט אייך, זאגט נישט נאצי-דייטשן. מיין מאמע איז געווען ארעם, אלט און קראנק ווען מען האט איר געפירט, אדער גאר געטריבן, געיאגט צום טויט. מ'האט איר נישט געזאגט, אז עס איז דא א געריכטס-אורטייל, א טויט אורטייל פון די נ א צ י - ד י י ט ש ן. די וואלט דאך דעמלט - ווען מען זאל איר אזוי זאגן - געקאנט פרעגן פאר וואס? וואס וואלטן זיי געקאנט ענטפערן, אז זי באלאנגט צום קאפיטאליסטישן קלאס און זיי זייענען נאציאנאל-סאציאליסטן. איך גלויב קוים אויב מיין מאמע האט אמאל אין איר גאנץ לעבן, פארמאגט אזא "ריזיקן" קאפיטאל ווי 50 דאלאר. אפשר איז זי געווען שולדיק אין צונעמען ביי די דייטשן זייער לעבנס-רוים? מיין מאמע האט קיינמאל נישט פארמאגט קיין אייגן שטיקל ערד, קיין אייגענעם דאך איבערן קאפ. צו 2-3 אין א בעט זייענען די קינדער געשלאפן, און די שטרוי-שעניקעס האט מען, דוכט זיך, נאר איין מאל א יאר, אויף פסח, געטוישט... ווו, מיינט איר, איז עס געווען דאס דייטשע לעבנס-רוים, וואס מיין מאמע האט צוגענומען?!

האט זי צוגענומען ביי די דייטשן זייער ווירדע, זייער ערע, און זיי האבן עס פון איר געפאדערט און זי האט עס נישט געוואלט צוריקגעבן? מיין מאמע האט אין איר לעבן קיינעם נישט באליידיקט, שטענדיק אלעמען רעספעקטירט און האט קיינמאל נישט געזען קיין דייטש פאר אירע אויגן, מיטן אויסנאם פון די יארן 1914-18, ווען פוילן איז געווען אקופירט, אבער דעמלט איז זי אפילו אויף א מינוט פון הויז נישט ארויסגעגאנגען. איז ווי אזוי האט זי געקאנט צורויבן די דייטשן פון זייער ווירדע, זייער ערע?

נון, שיער פארגעסן: אפשר איז זי גאר שולדיק געוועזן אין ראסן-שאנדע, ווי די פארשאלטענע מיילער פון די דייטשע מערדער האבן אזוי געליארעמט. מיין מאמע האט חתונה געהאט צו 18 יאר, די אייגענע האר אפגעשניטן און געטראגן א קאפקע איר גאנץ לעבן. שטענדיק אנגעטאן אין טונקעלע, ארעמע

קליידער און אלעמאל געווען פאריאגט ביז איבערן קאפ מיט קינדער האבן און דערציען,און אלע מאל אין גרויס נויט.איז זי,מיינט איר,געווען די ריכ- טיקע פערזאן צו ווערן פאראורטיילט צום טויט פאר ראסן-שאנדע?

יעמוד,מיינע שוועסטער: נחמה, פערל, מאניע; מיינע ברידער: נח, יאסל, און זייערע קינדערלעך,אומשולדיקע שעפעלעך,שוין מער ווי 30 יאר ווי די דייטשן האבן אייך אלעמען אומגעברענגט.באלד וועלן אויסשטארבן די עדות פון היינטיקן דור.ווער וועט דעמלט טראגן דעם טרויער אין הארץ און מאנען ביי דער וועלט גערעכטיקייט.מ'זאגט שוין היינט נישט ד י ם ט ש ע מ ע ר ד ע ר , מען מאכט עס שוין איידל: נאצי-מערדער.שריי איך אויס ביי דעם טיש,ווען איך רוף אלעמען צו יזכור: מאמע, נח, יאסל,ווען מ'האט אייך גע- פירט צו דער שחיטה,האט איר געוווסט אז עס פירן אייך נאצי-דייטשן?! איר האט געזען דייטשן,און אזוי זע איך זיי אויך און וועל זיי זען,אָן איידעלע צונעמען.- ד י י ט ש ן, זיינען זיי געווען,געדענק עס מיין פאלק!

היינטיקע וואך,ווען מיר פארזאמלען זיך צו אונדזערע יערלעכע געדענק אוונטן,איז אונדז צוגעקומען נאך 18 נעמען צו אונדזערע 6 מיליאן.פרישע קברים זיינען די וואך צוגעקומען אין ישראל,צווישן זיי קברים פון קינדער וועמען מען האט פון הויכע גארנס צו דער ערד געווארפן.דאס מאל איז עס געטאן געווארן פון אראבער,פארפירטע,אונטערגעהעצטע פון פאלשע וועלט-אויס- לייזער,וואס פארמעסטן זיך אומצוברענגען דאס קליינע הייפעלע,וואס האט זיך פון אלע וועלט שריפות קוים געראטעוועט,און האט אין אזא קורצער צייט וווּנדער באוויזן אין דעם אלט-נייעם לאנד.אלע פארשטייען אז סיי די סיריער, וואס אטאקירן יידישע פאזיציעס אן אויפהער,סיי די אזויגערופענע גאריל͏אס, וואס שפרייטן בלוט און טעראר און ברענגען אום אזוי פיל אומשולדיקע, וואלטן עס גלייך אויפגעהערט ווען מ'וואלט אזוי באפוילן פון מאסקווע. פארשטיי איך עס גארנישט,פארוואס מען וויל פון געוויסע גרופן,וואס שרייען העכער ווי אלע דעכער,אז זיי ווילן גאר שלום.פארוואס ווילן זיי פארקניפן אונדזער יידישן גורל מיט זייער הויך-פאליטיק פון דעטאנט? און פארוואס זאגן זיי,אין שייכות מיט אונדזערע הזכרה פארזאמלונגען,אז מען מוז בא- קעמפן פאשיזם צוזאמען מיט דעם נאציאנאלן שאוויניזם פון אחה בחרהנו,

וואס מיינט דאס? יידן ווילן אונדז אזוי די מוחות פארמישן,אז מיר זאלן נישט זען ווי מען שטופט געווער און מ'העצט טאג-טעגלעך אונדזערע שונאים קעגן אונדז.אויב די לינקע קרייזן פון דא הי האבן דעם מינדעסטן איינפלוס אויף די קארפן קעפ פון מאסקווע איז זעט מען נישט קיין שריט וואס זאל פאר דער באנצער וועלט ווייזן,אז זיי מיינען אויפריכטיק שלום!

און איצט וועבן אן ענין וואס שמעקט מיט דעם ערגסטן און מיאוסטן מה-יפית,וואס איך האב אמאל באגעגנט אין דרוק.אינעם נומער 3 "סאוועטיש היימלאנד" פון 1974,איז ארויסגעקומען ארן ווערגעלים,דער הויפט-רעדאקטאר פונעם זשורנאל,מיט א פ א ע מ ע "יארדים",אין וועלכער ער גיסט פעך און שוועבל אויף די יידן וואס זיינען פון רוסלאנד ארויסגעפארן קיין ישראל און נישט געקאנט זיך דארט איינארדענען,און זוכן דערפאר א געלעגנהייט צוריקצופארן קיין רוסלאנד.

דאס איז דער זעלבער ווערגעלים צו וועמען דוב סדן האט אמאל געשריבן, אז אויב ער וועט זיך ווען נייטיקן אין אונדזער הילף,וועלן מיר אים זיכער אויסשטרעקן א האנט און זאגן: אחינו אתה.איך אליין בין אלע יארן געווען א סניגור פון די יידישע שרייבער אין רוסלאנד און אלע יארן געזאגט, אז זיי זיינען אנוסים,אז זיי מוזן שרייבן וואס דעם פריץ געפעלט,אויב עס געפעלט אים נישט זיינען זיי איינגעשטעלט מיטן לעבן.אבער אז א ייד וואס שרייבט אויף יידיש זאל זיך אזוי פארכליניען מיט צופרידנקייט,וואס יידן ליידן,און זאל נוצן זיין טאלאנט צו באשימפן יידן,וואס ליגן אומבאהאלפן צווישן ברעגעצן און קיינער וויל זיי נישט ארייננלאזן! דאס איז שוין מער ווי זיין לאיאל צום רעזשים וו מען וווינט,עס שמעקט מיט מיאוסן פאראט צו אלץ וואס איז שיין און מענטשלעך.אפשר מיינט ווערגעלים,אז אויב זיין פריץ האט זיין שווערן שטיוול אוועקגעשטעלט אויפן געפאלענעם ייד,מוז ער אויך זיין געפוצטן קאמאש אויף זיין ברודער,דעם ייד,אוועקשטעלן.

עס פירט זיך אין אלע פרייע לענדער,אז יעדער קאן ארויס-און אריין פארן ווען ער וויל עס באר,איז איידער לאנד אזא תפיסה וו מ'קאן נישט ארויס און נישט אריין? עפעס איז פויל! ניין נישט אין דענעמארק! און

איר פאטאקעוועט עס נאך?!

אין דער צוקונפט, אז איר קאנט נישט שרייבן וועגן שטערן און בלומען, ווי עס פאסט פאר א פאעט, שווייגט בעסער! אויב איר האט ביי עמיצן בעוואלט אויסנעמען, געפעלן, האט איר דאס פארקערטע דערגרייכט. אויב אייער רעדאקציע וועט פארפלייצט ווערן מיט בריוו פון לויא און אנערקענונג, האבן מיר נאך אלץ 12 מיליאן יידן, וואס דארפן נישט מער לעקן דעם שטיוול וואס קאפעט אים.

## דער יידישער דיבוק און דער גוישער טייוול

ווען די ווילנער טרופע האט צום ערשטן מאל, אין יאר 1920, אויסגעפירט דעם "דיבוק" פון ש. אנסקי, האבן מיר שוין געהאט א פולשטענדיקן באגריף וועגן וואס עס רעדט זיך דארט. מיר האבן געהערט אז דער "דיבוק", וואס איז שפעטער געווארן די וויט-פארשפרייטסטע יידישע טראגעדיע פון אלע צייטן, איז שוין פריער געשפילט געווארן פון דער "הבימה" אין מאסקווע. אז ב. צמח און וואכטאנגאוו האבן די פארשטעלונג אין העברעיש פארוואנדלט אין אן אויסער-געוויינלעכן אינטערעסאנטן ספעקטאקל, אז חנה ראווינא, וואס האט געשפילט די ראל פון לאה האט געשאפן אן אומפארגעסלעכע געשטאלט, אז דער טאנץ פון דער כלה מיט די בעטלער ביים ארעם-מאלצייט איז אויפגעפירט געווארן ווי א מיסטישע געשעעניש, ווו יעדער רייסט זיך מיט חוצפה צו טאנצן מיט דער כלה, און מיר האבן טאקע געהערט ווי זי האט מיט פארמאכטע אויגן, ווי פון חלום, זיך געקלאגט, אז: זיי האבן מיך ארומגענומען, ארומגעריבלט, געדריקט זיך צו מיר, געצויגן זיך צו מיר מיט זייערע קאלטע, טרוקענע פינגער. דער קאפ האט זיך געדרייט, דאס הארץ האט געחלשט. נאכדעם האט מיך עמיצער אויפגעהויבן אין דער לופטן און אוועקגעטראגן וויייט-ווייט...

דאס ארויסברענגען אויף דער בינע די וועלט פון אמאל, די שול און ישיבה, די פארבענקטע נשמהס פון די וואס האבן ערשט נעכטן אזוי הארציק געזונגען דעם "מאי קא משמע לן". מ'קאן זאגן, אז עס איז געווען א פארשטעלונג וואס האט ארויסגערופן א געהויבן געפיל און א מוסר-השכל, אזוי יידיש און אזוי אנדערש פון דעם דורכשניט, אז די ווערטער וואס דער משולח זאגט ביים סוף: "מחמת וואס איז די נשמה פון העכסטער הויך אראפ אין טיפסטן אפגרונט? דאס פאלן טראגט דאס אויפקומען אין זיך". די ווערטער זיינען געווען אזוי ווי א ט ר י י ס ט צו אלע געפאלענע אז זיי וועלן דערהויבן ווערן. עס איז געווען א ריינע, לויטערע יידישע פארשטעלונג.

היינט, פיר און פופציק יאר שפעטער, טומלט עס מיט גאר אן אנדער מין טראגעדיע, וואס הייסט – THE EXORCIST – – – – וואס גלייך ביים ערשטן טיטל איז דא א ציטאט פון לוקיאסן, איינער פון יעזוסעס אפאסטאלן

ווו עס דערציילט זיך וועגן א מאן וועמען יעזוס האט באגעגנט,וואס איז געווען פאר א לאנגער צייט באהערשט פון טייוול,אדער באזעסן פון טייוול. ווען יעזוס פרעגט אים,וואס איז זיין נאמען,ענטפערט אים יענער: לעגיאן. פארשטייט איר די חכמה? ווייסן מיר שוין אז מיט 1974 יאר צוריק זיינען געווען זייער פיל מענטשן באזעסן פון טייוול.ווייטער ברייננגט ער אן אונטער-געהערטן געשפרעך פון א מאפיא-גענג,ווי אכזריותדיק זיי האבן עמיצן דער-הרגעט.אויך א באשרייבונג ווי שרעקלעך א גרופע קאמוניסטן - ווען זיי האבן פארכאפט די מאכט - געהאנדלט קעגן א גלח,א לערער און זיבן קליינע קינדער, זיינע שילער דאס לעצטע אין נאמען פון ד"ר TOM DOOLEY

ער דערמאנט אויך דאכאו,אוישוויץ און בוכענוואלד,מסתמא ווי א באווייז אז אזעלכע גרוילטאטן קאנען נאר די קטירט ווערן פון טייוול,ווייל ער אליין ביט גארנישט מער צו צו זיינע ציטאטן.

אין בוך פון איבער 300 זייטן באשרייבט ער א פאל,וואס מאכט דעם איינדרוק ווי עס האט ערשט נעכטן געטראפן מיט א מיידעלע פון 11 יאר אין וועמען עס איז ארייין דער טייוול.און אט ערשט האבן די חכמים פון האליוווד ארויסגעלאזן דעם פילם,וואס הייסט טאקע דעם זעלבן נאמען וואס דאס בוך. מענטשן שטייען אין לאנגע רייען ביי די קאסעס צו קאנען אריינקומען זען דאס בייזע וווונדער.איך ווייס נישט פון וואנען דער אויטאר וואס האט,לויט ווי מען זאגט אונדז,שטודירט די פראגע פון דער עקזיסטענץ פון טייוול א גאנץ יאר צייט,פון וואנען האט ער גענומען די חכמה,אז אויב דער טייוול בייט ארייין אין א קינד פון 11 יאר,מוז דאס קינד ריידן אזעלכע שמוציקע רייד,אז אפילו א קאזאק וואלט רויט געווארן,ווי מיר פלעגן אמאל זאגן.און צי איז עס נויטיק געווען אז דאס פנים און די שטימע זאל זיך אזוי ענדערן אז זי זאל גאר נעמען שרייען מיט דער שטימע פון א מאן,און דאס פנים זאל זיך אזוי פארדרייען,אז זי זאל גאר אויסדרייען דעם פנים פון דער פארקערטער זייט.

די ארויסגעבער פון בוך זאגן,אז עס איז א טיף רעליגיעז בוך.דאס איז שוין גארנישט צו פארשטיין.אין פארלויף פון דער טראגעדיע דערהרגעט דאס

קינד – זעט זיך אויס מיטן טייוולס כוח – 2 מענטשן און איין העברעער גייסטלעכער שטארבט נעבן איר בעט פון א הארץ אטאק.ווען מענטשן זעען דעם פילם ווערן זיי דען מער רעליגיעז,אדער אפשר טראכטן זיי גאר,אז דער טייוול האט מער מאכט ווי גאט!

אין די טעגלעכע נייעס פון די צייטונגען האבן מיר געלייענט וועגן אן אויספארשונג פון א גרופע וויסנשאפטלער אין ניו יארק וועגן דעם,וויפל אמעריקאנער גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון טייוול.זיי האבן אויסגעפונען, אז מיט 9 יאר צוריק האבן נאר 37 פראצענט געגלויבט,היינט אבער,האבן זיי אויסגעפונען,אז פולע 48 פראצענט פון דער באפעלקערונג גלויבט אין דער פאקטישער עקזיסטענץ פון טייוול,און נאך 20 פראצענט פון די אויסגעפרעגטע האבן געענטפערט,אז זיי זיינען נישט זיכער זיי דענקען אז עס איז מעגלעך! דאקעגן האבן נאר 69 פראצענט געענטפערט אז זיי גלויבן פולשטענדיק אין גאט.מיט 9 יאר צוריק האבן גאנצע 77 פראצענט געגלויבט אין גאט.

יא,עס איז א שיינע געשיכטע וועגן דעם ווי מיר האלטן היינט וועגן דער שייכות צווישן גאט,מענטש און טייוול.ווי שטארק מיר האבן זיך געריסן צו וועלטלעך וויסן,און ווי האבן די שאפער פון דער אמעריקאנער קאנסטי- טוציע זיך געוואלט באווארענען,אז יעדער וועט האבן דאס רעכט זעלבסטשטענ- דיק צו דענקען און צו טאלערירן די געדאנקען פון זיינע מיט-מענטשן.צי האבן זיי פארגעסן,אז דער פרייער אמעריקאנער סיסטעם פון דערציונג וועט ברענגען אזעלכע רעזולטאטן? אנשטאט פארשענערן און דערהויבן דעם מוט און גוט-פילן- זיך,ווי עס איז געווען דער פאל מיט די באזוכער פון "דיבוק,הער איך,אז מענטשן קאנען אפילו נישט אויסזיצן ביז צום סוף און גייען אהיים מיט שרעק, וואס לאזט זיי שפעטער נעכט נישט שלאפן פון אט דעם נייעסטן באנטענס,וואס מען טראגט ארונטער אונטער ווי קונסט! אפשר וואלט מען צוזאמען מיט די שמוצי- קע,זינלאזע,פארנאגראפישע פילמען,אויך א ביסל צענזורירט די מיטלאלטערלע- כע שרעק-בילדער פון שדים און טייוואלים.

וויפל יארן ווי פראגרעסיווע מענטשן פארשטייען,אז – דער מענטש איז הייליקער ווי אלץ – ווי עס האט נאך מיט אזוי פיל יארן צוריק אויסגערופן

ה.ד.נאמבערג אין זיין וווּנדערלעכער דערציילונג "מען ווערט".אפשר דארף מען מאכן א חשבון הנפש אין אונדזער דערציִונג,אזוי אז 50 יאר פון איצט, זאל בישם מער מעגלעך זיין אזעלכע און נאך ערגערע פילמען,נאר זיי זאלן ווירקלעך דערהויבן דעם מענטש,וועקן ליבע און דרך-ארץ פארן מענטש - דער מענטש איז הייליקער פון אלץ!

# ש פ ר א כ ן

דריי זייגען מיר געזעסן און גערעדט וועגן שפראכן.ווייל עס טומלט זיך אזוי פיל וועגן בייע געזעצן אין קוויבעק,צו צווינגען קליין און גרויס מ'זאל לערנען און נוצן מער - און אין טייל פאלן אויסשליסלעך - פראנצייזיש,האב איך געבעטן מיינע 2 שכנים,זיי זאלן מיט מיר א ביסל פאר-ברייטערן און געלאסן זיך וועגן דעם ענין דורכשמועסן.איינער שכן איז א פראנ-צייז ארום 70 יאר אלט, דער צווייטער - א יידישער מאן,א טאטע פון 2 יינג-לעך,12 און 9 יאר אלט,און אליין איז ער אין עלטער פון 33 יאר.

איך האב אנגעהייבן דעם שמועס מיט א פעסטשטעלונג,אז מיר פערזענלעך, ווי א "ריטייערט" מאן,קאן שוין קיין שום געזעצן נישט טאן קיין שלעכטס. איך גלויב קוים אויב עס וועט עמיצן שאדן אויב איך וועל ריידן מיין מוטער-שפראך,יידיש,אדער אז איך וועל מיט דעם יינגערן דור ארום מיר ריידן ענגליש א שפראך וואס איך באנוץ שוין באלד 40 יאר,כמעט פון ערשטן יאר,וואס איך בין אנגעקומען קיין מאנט עאל.אבער אויב עס זייגען נישט פארמישט קיינע פראקטישע אדער פאליטישע מיספארשטענדענישן צווישן מיר און די הייגטיקע קוויבעק רעגירונג,איז אבער דא אזא זאך ווי נאציאנאלער שטאלץ,וואס איך וואלט נישט געגליכן עמיצער זאל מיך צווינגען דאס אויפצוגעבן.דערביי האב איך ארויסגענומען ליעסינס פאעמע י י ד י ש און האב עס פאר זיי איבער-געזעצט אין ענגליש - די שפראך וואס מיר האבן אלע פארשטאנען - און האב זיי אויפגעקלערט,אז עס איז נאענט צו ט ו י ז נ ט יאר ווי יידן נוצן יידיש.כאטש עס האט פיל מאל אויסגעזען אז יידיש גייט אונטער,ווייל אלע מאל האבן יידן זיך באנוצט מיט נאך איין אדער מער שפראכן,דאך איז עס אזוי געשען,אז יידיש איז צוריק געקומען.אויך איצט זעען מיר א גרויסע אויפלע-בונג צווישן קאלעדזש סטודענטן און אין דער וויסנשאפטס און אינטעלעקטוע-לער וועלט,וואס קומען צוריק צו יידיש.

מיין פראנצייזישער שכן דערציילט אונדז ווי אזוי ער האט מיט 40 יאר צוריק ארויסגענומען זיין 10 יאריק טעכטערל,וואס איז דערצויגן געווארן אין א קליין שטעטל לעבן קוויבעק אין פראנצייזיש און האט איר אוועקגע-פירט אין אן אנטעריא שול,ווו מ'האט געלערנט אויף ענגליש.זיין טאכטער

האט זיך,אין אנהייב,זייער שלעכט געפילט אין דער פרעמדער סביבה.זי איז 2 מאל צוריקגעקומען אהיים און געזאגט,אז זי וועט אין דער ענגלישער שול נישט צוריקגיין,אבער ער האט זי צוריקגעפירט.דער סוף איז געווען,אז זי האט דארט געענדיקט "היי-סקול",האט זיך באקאנט מיט א בחור פון אנטעריא, האט מיט אים חתונה געהאט און זי וווינט מיט אים אין אן אנטעריא שטאט, ווו ער איז א דירעקטאר אין א שול,פארדינט פיין,און זי איז גליקלעך.איז עס דער איינציקער פאל,אז פראנצייזן האבן אויסגעקליבן ענגלישע שולן פאר זייערע קינדער?

די פראנצייזישע שפראך איז אין קוויבעק נישט אונטערגעגאנגען און וועט נישט אונטערגיין און עס איז נישט נייטיק מ'זאל צווינגען איטאליענער און אנדערע מינארי‌טעטן זיי זאלן לערנען אין די "פרענטש" שולן און בלייבן עם-הארצים אין ענגליש,ווייל אזוי ווילן געוויסע פאליטישנס,וואס ווילן היינט רייטן אויפן פערדל פון שפראך,מארגן וועט עס זיין עפעס אנדערש,אלץ צוליב מיאוסע פאליטיק.

דער יידישער יונגערמאן פון 33 האט מיטגעברענגט מיט זיך א זשורנאל אין ענגליש

דארט געפינט זיך אן ארטיקל "קוויבעק און שפראך קאלאניאליזם",געשריבן פון הארמאן באלער,אין וועלכן עס זאגט זיך,אז די נייע געזעצן וואס ווערן איצט פלאנירט זיינען זייער יושרדיקע.ענגליש איז געווארן די שפראך פון די רייכע אין קוויבעק,פראנצייזיש - די שפראך פון די ארעמע.עס דראט די געפאר פון אונטערגאנג פאר די פראנצייזן אין קוויבעק.אזוי לאנג ווי די שפראך לעבט וועט דאס פאלק לעבן,וועט די שפראך אונטערגיין - וועט דאס פאלק אונטערגיין.דער יונגערמאן וויל וויסן איבער דער זשורנאל פּרעזענטירט דער יידישער געמיינדע אין מאנטרעאל,ער רופט זיך דאך "דזשואיש".ער אליין האט גאר אן אנדער מיינונג וועגן דער געצוווּנגענער שפראך פראגע.ער איז בארנישט זיכער אז זיינע 2 יינגלעך וועלן אלע מאל בלייבן אין קוויבעק,און אויב זיי וועלן לערנען א סך פראנצייזיש אויפן חשבון פון ענגליש,צי וועט עס נישט זיין פאר זיי אן הינדערניש אויפן גאנצן לעבן? ער פארשטייט

נישט פארוואס דערמאנט נישט פאלער,אז אויך די איטאליענער האבן א רעכט צו לערנען זייערע קינדער אויף זייער אייגענער שפראך.און דאס וואס ער האט געהערט פון מיר וועגן דער פארגאנגענהייט פון דער יידישער שפראך,איז פאר אים גאר א נייעס,צי ווייסט עס ניט באלער? און ווי וועלן זיך אן עצה געבן די יידישע שולן,וואס ווילן לערנען מיט יידישע קינדער סיי יידיש, סיי העברעיש,אויך אלע גיבלישע מפרשים? וועגן דעם אלעם האט באלער פאר-געסן? איז ער א ייד, א פראנצייז?

אין דעם גרויסן קאך פון שפראך־קאמפן איז עס נישט אמת אז עס איז נאר א פאליטישער באלעם וואס פאליטישנס ווארפן איינע צו די אנדערע און דער אומשולדיקער פראנצייז פון דער מאסע ווערט נאר א געצייג אין די הענט פון די פאליטישנס.

אויב אלעמענס ציל איז צו דערנענטערן מענטש צו זיין חבר,צי וועלן אזעלכע דעקרעטן נישט דערגרייכן דאס פארקערטע?

א שרייבער, א רב, א דאקטער פילאזאפיע, וואס קען אויך ריידן און שרייבן א גוטן יידיש, האט ביז איצט ארויסגעגעבן 3 ביכער אויף ענגליש, וואס זיינען פארשטייט זיך, געמיינט פאר יידן וואס פארשטייען נישט קיין יידיש. אלע 3 ביכער דערציילן וועגן פרומע און גאר פרומע (פאנאטישע) עלטערן, וועמענס קינדער רייסן זיך ארויס פון זייער איינפלוס און ווערן פרייע, זעלבסשטענדיקע מענטשן. איינער, וואס האט לויט דער טראדיציע פון זיין טאטן און זיידן געדארפט ווערן א רב, ווערט גאר א דאקטער, און א צווייטער, וואס קיינער האט נישט דערוואַרט ער זאל בלייבן צווישן די ווענט פון דער ישיבה, דווקא ער ווערט א רב. א דריטער איבערראשט אלעמען ווען ער הויבט אן מאלן באלד פון זיינע חדר יארן און ווערט שפעטער א בארימטער מאלער.

אין קאנטראסט צו אזוי פיל יידיש-ענגלישע שרייבער, וואס האבן קיין גוט ווארט נישט פאר יידן פון פריערדיקן דור, איינגעשלאסן זייערע אייגענע עלטערן, פארקערט גאר, זיי חוזקן און באשמוצן זייערע טאטע-מאמע און נוצן דערביי די מיאוסטע אויסדרוקן, שרייבט חיים פאטאק אפילו וועגן די פאנאטישסטע פון די ניי-געקומענע יידן, מיט גרויס רעספעקט און פארשטענדעניש. אויף א הויך קינסטלערישן אופן באשרייבט פאטאק די צוזאמענשטויסן און קאמפן וואס קומען פאר צווישן די אבות און בנים אויפן ניו-יארקער באדן, ווייזנדיק די בעסערע זייט פון ביידע צדדים. און כאטש דער געראנגל איז נישט ניי פאר אונדז וואס האבן אליין מיטגעמאכט ענלעכע פאסירונגען נאך מיט יארן צוריק, איז עס אבער אינגאנצן א נייע וועלט וואס אנטפלעקט זיך פארן יידישן עולם אין אמעריקע, וואס לייענען גאר ענגליש, וואס לאזט איבער א גוטן איינדרוק און א גוטע פארשטענדעניש פאר יענעם סעקטאר וועלכן זיי האבן אזוי ווייניק געקענט.

אבער איצט קומען מיר צו עטלעכע פראגן אין שייכות מיט זיינע 3 ביכער. אינעם זעלבן יאר 1967, ווען עס איז ארויס זיין ערשט בוך "די אויסדערווייל-טע", איז אויך דערשינען דאס גרויסע בוך פון חיים גראדע "צמח אטלאס". אויך דארט לייענען מיר וועגן איבערלעבן לעבן און קאמפליצירטע קאמפן, וואס קומען פאר צווישן די פיר ווענט פון די ישיבהס. פאר די, אבער וואס זיינען

געקומען פון פוילן און האבן געקענט ווילנע פון וועלטלעכן סעקטאר,איז עס בעוועזן זייער אינטערעסאנט צו לייענען די טיפע אריינדרינגונג פון חיים גראדע אין דער,ביז אים,נאך נישט באקאנטער וועלט פון די מוסרניקעס און די גרויסע דראמאטישע פיגור - צמח אטלאס.חיים פאטאק וואס איז געבוירן און דערצויגן געווארן אין ניו יארק,האט דאך מיטגעמאכט אלע גרויסע קאטא-קליזמען וואס זיינען באפאלן אונדזער דור פאר די לעצטע פערציק יאר,האט ער נאר דעם ישיבה-סעקטאר אין ניו-יארק געזען? נישטא אין אלע 3 ביכער קיין יידישער יונגערמאן,וואס זאל זיין אן אידעאליסט צו סיי וועלכער אי-דייע,אז ער זאל מיטרייסן די לייענער און זאל ווייזן א ביישפיל: זייט אזוי ווי ער,גייט אין זיינע וועגן! עס מאכט דעם איינדרוק אז די עלטערן זיינען טאג און נאכט געווען פארנומען מיטן כלל ישראל,און די קינדער, דאקעגן,זארגן נאר פאר זייערע אייגענע קאריערעס.

קאן עס זיין,אז ביז איצט האט נאך דער גרויסער אמעריקאנער יידישער ישוב נישט ארויסגעגעבן אזא מוסטער-טיפ צו וועלכן מ'זאל קאנען ארויפקוקן מיט באוווגדערונג? זיינען עס נאר די פראפעסיאנאלן צו וועמען מיר שטרעבן: א רב, א דאקטער,א קונסט מאלער,זיינען דאס די אידעאלע טיפן וואס פאטאק האט דערזען אין אמעריקע? צי זעט נישט פאטאק ווי עס בלאנדזשען די יידישע קינדער פון אמעריקע,וואס האבן פארלוירן דעם גלויבן אין גאט און האבן, צום גרויסן באדויערן,אויך זייער גלויבן אין דער מענטשהייט פארלוירן.האט עס אמאל פאסירט,אז יידישע קינדער זאלן ווערן - יעזוס פריקס, קרישנא אנ-הענגער?! דער עלנט און די ליידיקייט פון אונדזער דור איז עס וואס רופט ארויס רחמנות.נישט דאס שטיק מארמאר וואס די גוים רופן "פיעטא",ביי וועלכן אשר לעוו צעווייגט זיך אזש! און טאקע וועגן אשר לעוו לאמיר זיך א ביסל פארטראכטן.צו ערשט א פאר ווערטער וועגן קונסט בכלל.צוליב דעם וואס די שיינקייט פון דער נאטור ארום אונדז ווערט נישט דערזען און אפגעשאצט, אדער גאר פשוט נישט פארשטאנען,זיינען געקומען קינסטלער באגאבטע מיט טא-לאנט,וואס האבן גענומען דעם רויען מאטעריאל,וואס די נאטור האט אונדז געשאנקען און אזוי באארבעט אז אלע זיינען פעיק עס צו זען,באוווגדערן און הנאה האבן.אויב איינער וואס איז גענייגט צו פעסימיזם,זאל מיט דער

הילף פון קונסט לערנען ליב האבן דאס לעבן,און עס מאכט נישט אויס וועלכער געביט פון קונסט עס דערגרייכט דעם צוועק פון מאכן דאס אינטימע לעבן יום-טובדיק,צי איז עס מוזיק,מאלעריי,סקולפטור,אדער באר פאעזיע – אלע קונסטן צוזאמען האבן זייער ציל נישט דערגרייכט,אויב עס איז זיי ביז איצט נישט געלונגען צו פארבעסערן און פארשענערן דאס לעבן פון מענטשן.אויך מוז א קונסט ווערק פארמאגן די אייבנשאפט ארויסצורופן געפילן פון איידלקייט, גוטסקייט צום מיט-מענטש.אויב נישט איז עס נישט אמתע קונסט.

איצט קומען מיר צו דער פראגע,צי האט אשר לעוו געמוזט מאלן אזא ממזר ווי א יידישע קרייציקונג? וואס איז עס פאר א תירוץ,אז ביי יידן זיינען נישטא קיין בילדער.עפנט סיי וועלכן אלטן חומש און איר וועט זען צענדליקע אילוסטראציעס,וואס א גרויסער קינסטלער קאן מיט זיי ווונדער באווייזן! און האט א יידישע מאמע געוואלט צופרידנשטעלן איר זונס שטרעבן צו ווערן א מאלער,און דער טאטע וויל בעסער דער זון זאל לערנען תורה,מיינט דאס אז די מאמע ווערט געקרייציקט? דאס ווארט אליין ווארפט אן א פחד אויף אונדז. האט איר צוליב דעם געבויט א בוך פון נאענט צו 400 זייטן כדי דארט דעם שאטן פון קרייץ און קרייצונג ארייננברענגען.ווי פרעמד איז עס צום יידישן גייסט,פארשטייט איר עס נישט ר' חיים?



יעקב קבלה אילנה תורג'מן יוכבד מזוז צביה מוריוסף יהודית מדר



רחל אפוטה לילי מורד יפה כהן שרה סעדה רינה כהן



שושנה כהן תמר דהאן שיטרוך מיכל יונה סבג



אילנה נאמן יעקב לוי מלכה עמרוסי שרה בן־שמעון

קרבנות פון מעלות

## מ ע ל ו ה

ווידער האט די יידישע וועלט א ציטער געגעבן ווען עס איז בעלונגען 3 אראבער זיך אריינצרייסן אין א שול-געביידע פון א דארף אין גליל|מעלות, ווו זי האבן דערשאסן עטלעכע און צוואנציק קינדער און פארוונדעט כמעט אלע אנדערע פון די 85, וואס האבן זיך דארט געפונען. האבן די פירער פון די אראבישע באנדעס, וואס שיקן טויט-שליחים צו הרגענען יידישע קינדער, געמיינט אז זיי וועלן אזוי ארום פארטרייבן אלע יידן פון ישראל? דיכטער האט געזאגט גאלדע מאיר: ישראל וועט קיינמאל נישט מוחל זיין די אראבער פאר מאכן אויך אונדז פאר מערדער! ווייל ווי אנדערש וועלן מיר ווייזן אונדזערע שונאים, אז יידיש לעבן איז נישט הפקר, אויב מיר וועלן נישט גלייך אויפן ארט זיי באצאלן כפל כפליים?

בלוטיקן אונדזערע הערצער פאר די אומשולדיקע יידישע קינדער און עס גיט אונדז גאר קיין פרייד און קיין טרייסט נישט אז אויך די מערדער, און די וואס האבן זיי געשיקט, האבן זייער פסק געקריגן. עס איז נוצלאז צו פרעגן, עד מתי, און לאזן זיך כאהערשן פון יאוש, אדער אויספאלגן די עצות פון די גוטע פרומע לייט, וואס רייצן זיך מיט אונדז, אז מ'האט זיי געדארפט הערן, וואלט גאר אנדערש געווען... ווי עס האט זיך אלע מאל געפירט, אז נאך א לוויה קערן זיך די לעבעדיקע אום צו זייער נארמאלן שטייגער פון לעבן און קעמפן, אזוי וועט אויך זיין דאס מאל, נאר נישט אראפלאזן די הענט, די יידישע מדינה וועט לעבן!

ווי גוט און באוויקנדיק זיינען די טעג וואס איך האב פארבראכט אין יש-ראל אין אקטאבער 1972, כאטש דאס איז געווען גלייך נאכן אנפאל אויפן לופט-פארט אין לוד, ווו עס זיינען אומגעקומען מער ווי 30 מענטשן, איינגעשלאסן דעם ברודער פון היינטיקן פרעזידענט פון ישראל, קציר. אין יעדן ווינקל פון לופט-פארט זיינען געשטאנען יונגע זעלנער מיט מאשין-ביקסן, גרייט פאר נייע געפארן. דאך האט עס נישט אפגעהאלטן טוריסטן פון אנפילן אלע האטעלן, און אומעטום האט מען געזען נייע, אלטגרעסערע און שענערע הייזער. גרויס איז געווען די שמחה ווען דער ריזיקער עראפלאן מיט 400 פאסאזשירן האט זיך דערנענטערט צו תל אביב און דער עולם האט ביטגעזונגען מיטן "רעקארד פלייער" - הבאנו שלום עליכם. אלע האבן געפאטשט מיט די הענט. עס איז ווירקלעך

געווען דער,הייבו כחולמים,ווען מיר זייבען דעם ערשטן פרימארגן נאכן אנקומען ארויס אויף א שפאציר האבן מיר עטלעכע בלאק פון האטעל,אויף בן יהודה גאס,זיך צערעדט מיט א יונגנמאן,וואס האט א קליין געוועלבל פון טליתים און יארמלקעס,און מיט א צווייטן,וואס פארקויפט צייטונגען און פאסט-קארטן,און א דריטן,וואס קוועטשט אויס קאלטע גרייפ-פרוכט פאר 60 אגרות א גלאז.אלע האבן געזאגט: ברוך השם! אלע זייבען געווען גליקלעך און צופרידן,און קיין מורא אדער פארצווייפלונג צוליב די אנפאלן פון טע-ראריסטן.

די גאנצע בן יהודה גאס,און הונדערטער אנדערע גאסן אין תל אביב,זייבען פול מיט פייבע געשעפטן,אנגעפאקט מיט תוצרות הארץ.מיר זייבען געגאנגען מיט אויפגעריסענע אויגן,מיר האבן זיך נישט געגלויבט,אז מיר זעען עס אלץ אין דער ווירקלעכקייט.וואס וואלט אונדזער גרויסער אברהם ליעסין געזאגט ווען ער שטייט דא אויף אונדזער פלאץ? האט ער אין יאר 1896 זיך פארגעשטעלט אז אזוי וועט אויסזען א מלוכה פון מלכים אליין? וואלט ער געווארן צערודערט, צערייצט און צעפלאקערט פון גרויסן,פון שטאלצן געדאנק?

מיר לייענען די נעמען פון די גאסן,וואס האקן איבער די בן יהודה גאס: אלנבי גאס,אבן גבירול,דוד פרישמן,מענדעלע מוכר ספרים גאס,פינסקער גאס, ירקון גאס,אלץ היסטארישע,הייליקע יידישע נעמען.איז עס טאקע אמת? אונדז ווילט זיך אלעמען ארומנעמען און זאגן,ווי גליקלעך זייבען מיר,וואס מיר זעען עס מיט אונדזערע אויגן.אזוי פיל דורות האבן געבענקט,געוויינט און געחלומט צוריקצוקומען אין אייגענעם לאנד און זיין ווי אלע פעלקער,נישט ווי ציגייבער וואס מוזן נאר אייביק וואנדערן.וויפל זייבען געפאלן אויפן וועג? וויפל זייבען אומגעקומען שוין דא אין ישראל? אבער עס איז דא א פארגיטיקונג פאר זייערע ליידן און לעבנס,נישט פאר פרעמדע פעלקער,אונטער פרעמדע הימלען זייבען זיי געפאלן.אייביקע לויב און בענטשונג די וואס האבן פון א הערלעכער ווידיע געשאפן א בנין,וואס וועט בלייבן פאר אייביק.

פאר די פון אונדז,וואס האבן די מעגלעכקייט צו פארן און זען דאס לאנד, פאר אונדז איז עס א טייל פון אונדזער לעבן,און יידן פון יעדן ווינקל

פון דער וועלט וועלן זיך נישט אפשרעקן פאר פארלוסטן ווי שרעקלעך זיי זאלן נישט זיין.מיר שטייען אין קאמף צוזאמען און אין קיין אנדער לאנד אין דער וועלט קאן א ייד זיך נישט פילן אזוי גליקלעך און צופרידן ווי אין ישראל.אזוי איז עס געווען אין דער לאנגער יידישער געשיכטע,מען פייניקט אונדז,מען נעמט אן פארדאמונגס-רעזאלוציעס און וואס נאך?

א ווי שנעל ווי מיר האבן א ביסל מנוחה באווייזן מיר ווידער איניציאטיוו און דערפינדערישקייט קיין אונטערשייד וואס אנדערע זאגן און טוען,מיר לעבן! דער עיקר נישט אראפלאזן די הענט,ישראל לעבט און וועט לעבן!

# ווייסע הייזער

אויב א ייד וויל נאר זען דאס שיינע און גוטע ביי עם ישראל און ארץ
ישראל,קומען שטענדיק די קלוגע און ניכטערע און טייטלען מיט די פינגער:
אויך ביי אונדז זיינען דא פארברעכער! נישט,הלילה,קיין באנדיטן,דאס נאקע
נישט,אבער מאפיע געמבלער,אט אזא ווי דער און דער,וואס איז אזש פון אמעריקע
אנטלאפן קיין ישראל – און ווען מ'האט,דרך אגב,צוריק ארויסגעשיקט-
פרווו איך ארויסגעפינען וויפל אזעלכע טיפן האבן מיר אין ישראל? זאגט מען
מיר,אז ווייל דער און דער איז אנטלאפן קיין ישראל,איז א סימן,אז...
טענה נומער 2: אין דעם ארעמען ישראל ווו מענטשן ליידן הונגער און נויט,
געפינען זיך איצט אפשר 500 מיליאנערן.נו,זאג איך,דוכט זיך אז דאס זיין
א מיליאנער איז נישט אזא גרויס פארברעכן.עס וואלט אפשר געלוינט אזוי צו
פלאנירן די צוקונפט פון ישראל עס זאל זיך דארט געפינען אין 25 יאר ארום
10 מיליאן יידן,אפילו פארן פרייז פון האבן דארט 5.000 מיליאנערן.אויב
נישט מיליאנערן,ווער וועט בויען דאס יידישע הויז? וועלן עס זיין די ארעמע
פון די מזרח לענדער? וועלן עס זיין די יידן וואס אנטלויפן פון דיקטא-
טארישע הפיסות! און ווען איך טראכט פון בויען א יידיש הויז מיין איך
א פערמאנענטע היים פאר יידן פון אלע
לענדער און פאר אלע צייטן. נעמט איר צו די איני-
ציאטיוו פון פריוואטע אונטערנעמער צו בויען,בלייבט אלץ אין א סטאטישן
צושטאנד,וואלט עס געווען בעסער? וועט דאס לאנד פראספערירן און ברענגען
שפע און ברכה צו אירע איינוואינער,וועט דארט נישט זיין מער קיין הונגער
און נויט?

לאזט אונדז צורו,זאגן מיר צו דער וועלט,אונדזערע אייגענע פירער האבן
געהאפט פאר דעם טאג ווען מיר וועלן מער נישט זיין קיין אקס וואס האמע-
ווען פרעמדע רעדער.היינט,26 יאר ווי מיר זיינען ווידער געווארן א מלוכה
נאך 2.000 יאר ווארטן,זאלן מיר זארגן אדער זיך שעמען פארוואס מיר האבן
500 מיליאנערן? און יעדער פון אונדז,וואס איז א אהב ישראל,ווערט נישט
דערשראקן פון דער טענה פון די יידישע קלעריקאלן,אז דארט מוז מען דער-
ציען אלעמען אין רעליגיעזן גייסט,ווייל אנדערש וועלן יידישע קינדער אין
ישראל נישט בלייבן פאטריאטיש צום לאנד און פאלק.

אין אמעריקע,ווו אין די שולן טאר מען נישט לערנען קיין רעליגיע,ווו די מלוכה איז פריי פון יעדן רעליגיעזן דרוק אין יעדן היכזיכט,זיינען דאך די איינוווינער פונקט אזוי פאטריאטיש פאר אמעריקע ווי מענטשן אין סיי וועלכע אנדערע לענדער.

איך פארשטיי אויך נישט,פארוואס מען דערוואַרט אז אלע אין ישראל זאלן האבן איין דעה,כדי אויסמיידן רייבונגען צווישן פארטייען און זאל די וועלט זען ווי פארייניקט מיר זיינען כלפי פנים וועט קיינער נישט וואגן אונדז אנרירן פון מחוץ.איז עס לאגיש? איז עס דען אזוי אין אנדערע דעמאקראטישע לענדער? סיידן דארט ווו מען פארוואנדלט מענטשן אין ראבאטס,קעגן זייער ווילן...

און איצט וועגן אן ענין פון מאראל,וואס לאזט אונדזערע פריינד,דא הי, נישט שלאפן.מ'זאגט,אז אין ישראל זיינען דא אזוי פיל יידישע באסן-פרויען אז מ'קאן ממש נישט דורכגיין א גאס אין תל אביב מ'זאל נישט באליידיקט ווער פון באסן-פרויען.היתכן? און דא קומען מיר צום נאמען פון אונדזער עסיי. עס זעט אויס אז דער ישראלדיקער שרייבער א.קארפינאוויטש,וואס האט נאך מיט יארן צוריק אנגעשריבן די דערציילונג "ווייסע הייזער",האט פארויס-געפילט,אז עס וועט איינעם א ייד אין קאנאדע געשטעלט ווערן אזא הארבע פראגע.האט ער אנגעשריבן א רירנדיקע שילדערונג וועגן א יונגער מאראקאנער יידישער באסן-פרוי,פון א יאר 18,וואס הייסט,אנזשעלא,און האט א טאטן א שיכור,וואס ארבעט נישט און וווינט אין א צעריסענעם געצעלט ווו עס שטיי-ען 8 שמוציקע בעטלעך פאר דער גאנצער משפחה.אנזשעלא האט א בעל-הבית איי-זיק.ער שטייט אין דרויסן,לעבן הויז,און שעפטשעט די מענער אין אויער אריין: יש בחורה פרימה,שבע עשרי שנה.אייזיק איז גוט צו איר,קויפט איר זיידענע זאקן,וואס זי האט קיינמאל פריער נישט געהאט,ווען זי פלעגט שטיין אין שטאטישן מארק אין יפו,אין א פאר אויסגעדרייטע שיך און באפאלן יעדע פאר-בייגייענדיקע דאמע - אפשר דארפן זי אן עוזרת?

טרעפט אמאל אז אייזיק ברענגט א גאסט און זאגט: דער אדון, דער חבר... דער פרעמדער איז געווען אנגעטאן ארעם,מיט א רוקזאק אויפן אקסל,עפעס אזוי נישט דרייסט.געווינטלעך ווען עס קומט א גאסט,איז אזוי

שנעל ווי איידיק בייט ארויס,גייט ער צו איר,נעמט איר ארום און זאגט
מתוק! דער אבער בלייבט שטיין ביים טיר,פרווווט אויסטאן דעם רוקזאק און
טוט עס נישט.ער איז הויך און שטארק,טראגט שיך מיט גראבע זוילן,בלויע לייי-
ווענטענע הויזן און רעקל,עפעס אזוי ווי גלייך פון דער דושטאוואניע.אנזשעלא
ווערט בייז: וואס איז געווען די איילעניש,נישט געקאנט זיך איבערטאן?
זאב,דער קיבוצניק האט זיך פארשע..ט און רויט געווארן.ער האט געהאלטן מיט
ביידע הענט די טארבע און נישט געענטפערט.דאס איז געווען דאס ערשטע מאל
וואס עמיצער האט זיך פארשעמט ביי איר אין צימער.עס האט אויף איר א ווי.ע
געטאן פון דעם בחור מיט רייבער,ייגלשער בושה.אנזשעלא האט נאך קיינמאל
אזוינס נישט איבערגעלעבט.א גרויסער,דערוואקסענער מאן און רויטלט זיך ווי
א קליין מיידעלע.עס האט איר ארומגענומען אן אנגענעמער געפיל ווי פון פריש
געוואשענע וועש.זי איז צוגעגאנגען צו אים,ארויפגעלייגט א האנט אויף זיין
אקסל,אבער זאב האט געזאגט: מ'דארף נישט,כ'האב געמיינט דיר איז אלץ איינס
א שטאטישער אדער א קיבוצניק.זיי נישט בייז,אויב דו ווילסט נישט,גיי איך
גלייך אוועק, דאס געלט האב איך געגעבן אין דרויסן דיין פריינד,זיי נישט
בייז! אנזשעלא האט אנגענומען זיין האנט.זי האט זיך געשפיגלט אין זיין
פארלוירנקייט ווי אין א קלארן וואסער.ער באציט זיך צו איר ווי צ א מענטש
דאס געלט האט ער פארויס באצאלט,אבער ער וויל איר נישט צווינגען...

א פאר וואכן שפעטער דערוויסט זיך איידיק,אז אנזשעלא קלייבט זיך אנט-
לויפן פון אים.זי אביטירט אפילו די אנדערע מיידלעך,אז מ'קאן אנדערש לעבן.
איידיק פארשטייט,אז דאס האט דער קיבוצניק אזוי געווירקט אויף אנזשעלאן.
ערווארט ביז ער קומט ווידער,הייסט אנזשעלאן ארויסגיין פון הויז,ער וויל
זיך דורכריידן מיט זאבן אויב אויף אויב.ווען זיי בלייבן אליין זאגט ער,
אז ער איז אנזשעלאס חתן.ער האט אויף איר אויסגעגעבן געלט און זי קומט אים
זייער א סך.אויב ער קלייבט זיך אפשלאגן אנזשעלא פון אים איז זאל ער וויסן
ער וועט דארפן זייבע ציין אויפקלויבן פון ברוק... זאב ענטפערט,אז האקן
ציין קאן ער,אפשר,בעסער פון אנדערע,אבער דו דארפסט וויסן,אז איך בין איי-
נער פון די נארישע קיבוצניקעס,וואס ליגן ערגעץ אין א לאך ביי דער גרענעץ,
אויף א שמאל בעטל אין א צריף,מיט נאך 5 אזוינע איבערגעוואקסענע יונגען.

אז מ'האט נישט קיינעם אין לאנד,דארף מען גיין זוכן ווו עס לאזט זיך,איז וואס איז די עוולה אז מען זוכט אמאל כאטש אן אנזשעלא,מ'זאל קאנען א ווײַלע פארגעסן דעם עלנט,דעם זויערן ריח פון מענערישן צדיק? נישט אלע האבן דעם מזל צו זײַן אין קיבוץ מיט א ווײַב,די מיידלעך אנטלויפן פון אומעט... איך דארף זיך פאר דיר נישט פארענטפערן,אבער איך וויל זאלסטו - נישט טשעפען צו אנזשעלא,זי איז א גוט,הארציק מיידל!

איידיק איז געווען זיכער,אז קיינער וועט נישט וואגן צונעמען פון אים אנזשעלען.אבער פון יענעם טאג אן האט אנזשעלא מער נישט געוואלט אויפנעמען קיין געסט.זי האט באשלאסן זוכן זאבן אין קיבוץ,כאטש זי האט נישט געוווסט געבוי דעם נאמען פון קיבוץ,זי האט נאר געוווסט אז ער געפינט זיך אין דער געגנט פון באר שבע.איידיק שלאגט איר מיט אכזריות אין בויך,קאפעט איר מיטן שפיץ פון זײַן שוך.א פארבלוטיקטע אנטלויפט זי פון הויז.איידיק לויפט איר נאך,בעט זיך בײַ איר זי זאל צוריקגיין,אבער זי ענטפערט אים,אז זאל ער איר אפילו דערהרגענען וועט זי צוריק נישט גיין.איידיק פארשטייט אז ער האט פארשפילט.ער גיט איר געלט און הייסט איר זיך פרעגן אויפן קיבוץ תל אחווה, און אנזשעלא פארט אוועק...

פון דער דערציילונג איז מיר געבליבן א מוסר השכל,אז די ריינע יידישע נשמות זײַנען עלול זיך ארויסצורייסן פון שמוץ אזוי שנעל ווי עס קומט א געלעגנהייט.צוזאמען מיט דער ארעמקייט וועט אויך פארשווינדן די געפאלנקייט און דער עלנט פון די ארעמע יידישע קינדער,ווען איך באדויער און קאן נאר פילן מיטלייד,נישט פאראכטונג.

עס איז די ערשטע וואך אין יוני און גלייך ביי מיין פענצטער שטייט א בוים אין פולער בליונג.ווי קאן מען פארבייגייען און נישט באמערקן די פראכט וואס פארכאפט דאס אויג? עס ווילט זיך אנרייסן א גרויסן בוקעט,אריינ-טראגן אין הויז און אריינאטעמען דעם פיינעם ריח פון דעם שיינעם און צארטן בלום,וואס האט סיי אזא איידעלן אויסזען און סיי אזא אייגנציארטיקן ריח... אבער ניין,איך וועל עס נישט טאן.מ'זאגט מיר,אז אין דרויסן וועט עס לעבן און בליען ארום 3 וואכן,אין הויז - נאר 3 טעג.אין דרויסן וועט עס פארשפרייטן שיינקייט און גענוס פאר איינוווינער און פארבייגייער,אין הויז - נאר פאר געציילטע.

ביז היינט געדיינק איך,ווען איך האב געפרעגט מיין זיידן,אויב ער פילט די פרייד פון אנקומענדיקן פרילינג,און ער האט געזאגט - ניין,אין מיין עלטער איז עס שוין אלץ איינס.איך בין דעמלט געווען ארום 17 יאר אלט און האב געהאט א ויפיל מיטלייד מיט אים: ווי אלט מוז ער שוין זיין אויב ער פילט נישט מער די פרייד פון אנקומענדיקן פרילינג? היינט ווען איך דערנענטער זיך צו 70 איז עס מיר נאך אלץ ניט אלץ-איינס.כאטש מען דערציילט,אז משה נאדיר האט געזאגט אז אלע באזישע עמאציעס וואס א מענטש לעבט איבער,קומען ביז דעם עלטער פון 21 יאר,שפעטער איז עס נאר אן איבערחזרונג,ווער איך דאך יעדעס יאר אויפסניי מיטגעריסן מיט דעם נייעם פרילינג,מיט דעם ערשטן ווונדער. גלויב - מיר.

און נישט נאר מיטן פרילינג; יעדעס נייע ווארט,ניי בילד,יעדער נייער מענטש,וואס איז נאר א ביסל אנדערש פון דורכשניט,אלץ ארום מיר,וואס דער-שיינט גאר א ביסל שענער, א ביסל אנדערש,קאן מיך אויפסניי באגייסטערן,געבן מיר א נייעם אימפולס צו לעבן און געניסן און נישט בלייבן גלייכגילטיק, ווי עס איז געווען צום פרילינג,מיין זיידע. און זיכער בין איך נישט גלייכ-גילטיק צום אידייען וועלט,וואס קומט צו אונדז פון די 2 פאליוסן פון יידי-שן לעבן,ווו עס קלאפט נאך אקטיוו דער יידישער פולס.דאס מאל בין איך טיף גערירט געווארן פון א.גוראלניקס זכרונות אין נומער 5 "סאוועטיש היימלאנד" דער אלגעמיינער טאן זעט אויס צו זיין א פריילעכער,א צופרידענער.אבער עס דוכט זיך מיר,אז איך הער אן אונטער-טאן פון אומעט,ווייל איך גלויב נישט,

אז א גרויסער ליבגוויסט ווי ער,פארשטייט נישט די דראמע פון זיין אייגן יידיש פאלק,וועמען מען דערלויבט נישט צו לערנען און אנטוויקלען פריי זיין אייגענע שפראך און קולטור,ווען אלע אנדערע מינדערהייטן טוען עס יא... גוראלניק אליין איז א באווייז,אז א ייד קאן נאר אנטוויקלען זיין טאלאנט אין דער רוסישער און אנדערע שפראכן,נישט אין דער יידישער.זיינען דען דא יידישע שפראך-אקאדעמיעס? עס זיינען דאך אפילו קיין יידישע שולן נישטא.

באלד ביים אנהייב זאגט ער,אז זיין היימלאנד איז ווינניצע.פארוואס דערמאנט ער נישט,אז פון דעם "רחבותדיקן היימלאנד",ווי ער רופט רוסלאנד,זיינען אנטלאפן טויזנטער יידן אזוי שנעל ווי זיי האבן דורכן שיקאדסקי אפמאך געקראגן די מעגלעכקייט.דעמלט זיינען זיי געלאפן צוריק קיין פוילן,צו זייערע ווינניצעס,אבער וואס זיי האבן דאָרט געפונען האט זיי געצווונגען וויטער צו לויפן,ביז זיי האבן דערגרייכט אַ אנדער היימלאנד,אזא וואס איז עלטער פון ווינניצע און פון וועלכער,לאמיר האפן,קיינער וועט זיי מער נישט צווינגען צו לויפן.איר דערמאנט,אז אן אלטער גרוזינישער אינטעליגענט האט אייך געלערנט ווי אזוי מ'דארף ליב האבן די אייגענע נאציאנאלע קולטור.האט איר,ווי א ייד,דאס ערשט געדארפט לערנען פון א גרוזינער? כ'טראכט ווי גוט וואלט געווען ווען א מעטש פון אייער קאליבער געפינט זיך אין ישראל און טראגט צו אייער רייכן וויסן צו אונדזערע אייגענע יידישע פאלקס סאפונגען...

זייער אינטערעסאנט זיינען אייערע באמערקונגען וועגן געמישטע חתונות. איר רופט עס אן דער פענאמען,וואס ווערט אויף פראסט לשון גערופן געמישטע חתונות און איר זאגט,אז צעבלאזן די פראגע וועגן געמישטע חתונה איז אומזיניק,קיינער צווינגט נישט און קיינער פארהאלט נישט קיין געמישטע חתונות אין פיל-נאציאנאלן רוסלאנד.

איר שרייבט,אז די געשיכטע אנטוויקלט זיך,זי גייט פאריס,אויסוויילנדיק די סאמע ראציאנעלע ליידונגען אין יעדער קאנקרעטער סיטואציע.וואס מיינט עס? זיינט איר מסכים אז אונדזער דור זאל זיין דער לעצטער,וואס וועט זיך אויסלעבן אין יידישער קולטור? פירן ניט געמישטע חתונות צום אונטערגאנג פון דער יידישער שפראך,ליטעראטור און לעבנס שטייגער? איר זאגט ווייטער,

אז איר זענט א ייד און אזא פארבלייבט איר.ווען עס אויך זאגן אייערע קינ-
דער? אדער וועלן זיי נאר זאגן דעם צווייטן האלבן פסוק,מיר זיינען אינטער-
נאציאנאליסטן לויטן לעבנ־ישן באנעם פון דאזיקן ח־יליקן ווארט! ווי טרוקן
וועט עס קלינגען צווישן אזוי פיל מיליאנען וואס וועלן מכּהם בלייך ענט-
פערן: קריסט, מאכמעדאנער, בודיסט א.א.וו. נאר דאס ווארט ייד וועט קיינער
מער נישט דערמאנען.

און איצט א ביסל וועגן נחת פון קינדער.עס איז ווירקלעך זייער ווינטיק
צו הערן אזעלכע אויפ־יכטיקע ווערטער - - איר שרייבט אז וועגן קאנפליקט
צווישן עלטערן און קינדער וועלן זיך שטענדיק געפינען בעלנים צו פלוידערן.
מעג איך דא זאגן אז וויל איז די עלטערן וועמענס קינדער וואקסן אזוי לויט
זייערע אידעאלן.איז עס דען געפלוידערט ווען אייערע קינדער ווערן הפקר-
מענטשן און איר בלייבט מיט א שולד-געפיל אויף אייער גאנץ לעבן? איר דער-
ציילט אז מע פרעגט אייך,ווער זיינען זיי דיינע קינדער? זאגט איר,אז איר
וואלט געקאנט ענטפערן: זיי זיינען אי יידן,אי רוסן,אבער דער סאמע פינקט-
לעכסטער ענטפער איז,אז זיי זיינען סאוויעטישע מענטשן,זיי האבן ליב און
זיי זיינען איבערגעגעבן זייער איינציק היימלאנד.שטעל איך זיך פאר א צייט
ווען רוסלאנד זאל באשליסן צו שיקן מיליטער קעגן ישראל און אייערע קינדער
וועלן הרגענען יידן... אין דרויסן איז פרילינג,אבער איך ציטער פאר קעלט
און שרעק פון אזא מעגלעכקייט.ליבער פריינד גוראלניק,צי זייט איר צו אט
די ענינים גלייכגילטיק?

פארביי־יעבדיק דערמאנט גוראלניק,אז ער האט נישט געדארפט טאסקען קיין
שווער משא ווי זיין זיידע דער מרעגער,און נישט געדארפט שטיין געבויגן א
גאנצן טאג ביים ווארשטאט ווי זיין פעטער,דער סטאלער.דאך האט ער שווער גע-
ארבעט גייסטיק און ער ווייסט נישט,וועלכע מי מאטערט אויס מער.דער פאקט
איז,אז זיין פאטער האט נאך צו 75 יאר באצירט זאיגעדיכנער קאפ האר,באדעקט
בלויז מיט א לייכטער גרויקייט,און ער,גוראלניק,האט שוין צו 40 יאר פאר-
לוירן די האר און דאס הארץ האט זיך געלאזט הערן.

די זכרונות זיינען געשריבן אזוי הארציק און אינטים,אז איך קאן עס

פשוט נישט באשרייבן.מ'דארף אליין לייענען און זיך ארייננפילן אין געמיט פון דעם עקזעמפליאר פון א הייגט-צייטיקן פיל געלערנטן ייד אין רוסלאנד... איך וואלט זיך עס בפירוש געוווּנטשן,אז אויך ער זאל ארויספארן פון דארט. אפשר וואלט ער אונדז,אן מורא,געזאגט,וואס ער האט געפילט ווען ישראל איז געווארן א מלוכה פאר יידן.האט ער ביי זיך אין הארץ פארגליכן ישראל מיט ביראָ-בידזשאן? האט ער זיך אמאל פארטראכט וועגן דער סיבה וואס יידן ווילן נישט פארן קיין ביראָ בידזשאן,און ווען גאלדע מאיר איז געקומען קיין רוסלאנד האט מען איר, מ'זאגט אויף פאלקס לשון,געקושט די טריט...

און ווי האט געפילט א ייד ווי גוראלניק,ווען מ'האט ארעסטירט אלע יידישע גייסט-מענטשן און אזוי פיל פון זיי אויסגעהרגעט? האט איר דעמלט געקאנט שלאפן רויק? אבער דערפאר פיל איך אזא אונטער-טאן פון טרויער און אומעט אין אייערע זכרונות.

און צו לעצט,ווי גוט וואלט עס געווען,ווען איר קאנט פריי און אן מורא אונדז זאגן,וואס איר טראכט וועגן מאניפעסט פון דער קאמוניסטישער פארטיי פון ישראל,וואס איז געדרוקט אין זעלבן נומער וואס איר.דערוואַרטן זיי,אז די יידן פון דער וועלט זאלן טראכטן ווי זיי און לאזן ישראל אויף גאטס באראט,ווייל אזוי האבן זיי געפסקנט. זיינען אלע יידן-ציוניסטן,ארעמע, געפלאגטע ארבעטס מענטשן פון אזוי פיל לענדער,גאר קאפיטאליסטן,אימפעריאליסטן,מלחמה צינדער און נאך אזעלכע עפיטעטן.

ווי וואגן אייגענע ברידער ארויסקומען מיט אזויפיל שנאה און ליגנס? וואס זאגט איר דערצו,פריינד גוראלניק?!

# <u>א.מ. פוקס</u>

אנהייב היינטיקן חודש האבן די צייטונגען געבראכט די נייעס,אין א פארווארפן ווינקל, אז אין ישראל איז געשטארבן דער באוווסטער שרייבער א.מ. פוקס.מיר דוכט זיך,אז דער נאמען,באוווסטער,איז נאר סימבאליש,ווייל איך דערמאן זיך נישט איך זאל האבן געלייענט זיינע א דערציילונג,אדער געהערט לייענען זיינע א דערציילונג ערגעץ אין א מאנטרעאלער לייען-קרייז,פאר די לעצטע 40 יאר,וואס איך בין דא הי.איך פרעג זיך אליין,ווי קומט עס,וואס איך האב ניט געהערט,אז אין יאר 1961 איז ארויס א בוך "די נאכט און דער טאג" צונעגרייט צום דרוק דורך מלך ראוויטש און רחל אייזענבערג.אמת,איך בין געווען פארנומען מיט דאגות פרנסה,אבער איז עס א תירוץ? סיידוי די קליינע ידיעה האט מיך צוריקגעבדרענגט צו יענע 12 שטורעם און דראנג יארן, וואס איך האב געלעבט אין ווארשע,ווו איך האב גייענדיק צו און פון דער ארבעט,וואס האט מיר גענומען אן ערך א שעה צייט,געלייענט צייטונגען און זשורנאלן,עס קאן אויך זיין,אז דאס קליינע ביכעלע פון פוקסן אונטערן נאמען "אונטער דער בריק",וואס איז ארויס אין 1.000 עקזעמפליארן אין 1924,האב איך אויך געלייענט גייענדיק צו דער ארבעט.מסתמא זיינען די ווארשעווער טראטוארן געווען גענוג ברייט,אז א קליין ייִנגל,האלטנדיק א קליין ביכעלע אין האנט,זאל זיך קאנען דורכשטופן,נישט שטערנדיק קיינעם און אליין נישט געשטערט ווערן, ווען ער האט ווערנדיק מיטגעריסן מיט דעם געלייענטן זיך טיילמאל אויך א קול צעלאכט,און גאנץ אפט ווען דאס טראגישע האט א צופ געטאן דאס יונגע הערצל,אויך א קול זיך צעכליפעט.

איצט פרעגט זיך פארוואס עפעס פוקס?

ערשטנס,ווייל פוקס האט דערציילט וועגן ארעמע מענטשן,אומגליקלעכע און געפאלענע,די שפלות פון די וואס וווינען אונטערן בריק און מוזן זייער לייב פארקויפן פאר ברויט.דער עלנט פון ארעמען גנב,וואס מוז א גאנצע נאכט ארומוואנדערן,כדי נישט באמערקט צו ווערן און ווערט ביים אנקומען פון טאג אזוי פארצווייפלט אז ער באגייט זעלבסטמארד דורך הענגען זיך.

ער שילדערט אויך דאס צעבראכענע געמיט פון אלטן ייד,וואס פארדינגט זיך פאר א שומר אין א סאד פאר 12 זעקסערלעך א וואך.דערשיטערנדיק זיינען אויך

די שילדערונגען וועגן די שטעטלעך אין גאליציע, וואס זיינען איבערגעגאנגען פון האנט צו האנט, פון פאליאקן צו רוטענער, פון רוטענער צו עסטרייכער, שפעטער צו די רוסן. הפקר זיינען געווען די יידן אינטערוועגנס אפילו אין נארמאלע צייטן, אבער אין מלחמה צייט האבן יידן זיך געפילט ווי אין א פאסט-קע. פוקס שילדערט די לאגע אין די שטעטלעך, ווען מ'האט נישט געלאזט יידן ארויסגיין פון די דערפער עפעס קויפן, ווי עס פלעגט זיך פירן אלע יארן. ער שילדערט די פארצווייפלונג אין א יידיש שטעטל, ווו מ'האט פארגוואלדיקט א יידישע טאכטער. ווען דער טאטע וויל וויסן וואס טוט זיך אין שטעטל, דערציילט מען אים, אז דער זעלבער פעטלורשטשיק האט צוגענומען זאנוולס שליטן מיטן פערד, דעם פעטער לייזער האט ער אויסגעריסן די באָרד, ער האט געפאטשט סראל-עליען און ביינאכט האט ער פארכאפט צו זיך די קליינע בראָנע, וואס איז נאך קיין 12 יאר נישט אלט און האט די צעקאליעטשעט...

יא, עס איז געווען איבערגעגנוג פאר אן ארעם יידיש קינד פון ווארשע צו לייענען אזעלכע הארצרירנדיקע דערציילונגען. גוט געגנוג, עס זאל זיך איינ-קריצן אין זכרון אויף אייביק, און ספעציעל איז עס דאך פארשטענדלעך, אז יענע דערציילונגען זיינען געשריבן און געלייענט געווארן איידער היטלער איז געקומען צו דער מאכט, ווען קיין מענטש אין דער וועלט וואלט נישט גע-גלויבט, אז דאס דייטשע פאלק וועט זינקען אזוי טיף...

עס איז געווען נאך א סיבה פארוואס א.מ. פוקס האט אויף מיר געהאט אזא השפעה. איך בין ביז אים קיינמאל נישט מיטגעריסן געווארן פון נאטור-שילדע-רונגען. איך שעם זיך א ביסל צו דערציילן, אז כמעט אין דער זעלבער צייט, וואס איך האב געלייענט זיינע דערציילונגען האב איך געהאט געמאכט א ראנ-דערוווו מיט א 10 יינגלעך און מיידלעך, פון מיין עלטער, אויפצוזשטיין א שבת אין דער פרי, ארום 5. עס איז געווען אין יוני. מיר האבן באשלאסן צו טרעפן זיך אין דעם גרויסן פאניאטאווסקי פארק, לעבן דער ווייסל, כדי צוזאמען אכ-סערווירן א זון-אויפגאנג. געדענק איך נישט ווי אזוי יענער ראנדעוווו האט געווירקט אויף מיינע חברים און חברה[illegible] (צום גרויסן באדויערן איז נאר איינע פון אלע 10 געבליבן. זי איז איצט אין ישראל און געדענקט, מסתמא, נישט יענעם פרימארגן אין יוני חודש), אבער ביז היינט געדיינק איך ווי

איך האב דעמאלט אין שפאס בעזאגט,אז צו דער פארשטעלונג,וואס די זון האט יענעם אין דער פרי בעגעבן,האט נישט בעלוינט אויפשטיין 5 אזייגער.א ייצט, אבער,ווי פוקס באשרייבט דעם דרויסן:

"ס'איז ליכטיק,אפגעגאסן מיט זון דעם בלחס שיין מויערל מיט די בלומענטעפ אויף די רויט און גרין געמאלענע פענצטער,ס'בליצט דארט אין דער לופטן ווי א שיף צעוויגטער זילבער-וואלקן.א שוועבנדיקע מחנה טויבן,מיט ווייס צע-גלאנצטע בייכלעך און אין די ווייטע גרישע אוליצעס,מיט די אין שטרוי איינ-געפעקלטע ליימענע כאטעס,פולע מיט קינדער און ברויט,הויערן שווער אויף די פאדווערעס אנגעשטעלטע בייכיקע סטויגן שטרוי,ווי מעכטיקע טורעמס וואס דרימ-לען אין שטילער זעט און מנוחה אין זייער ברייטקייט איז ווי אנגעזאמלט די פויערישע עשירות מיט דער זומערדיקער שפע פון די רחבותדיק געשפרייטע פעל-דער און גערטנער,פון פולע שייערן הבואה - שטאלן מיט בהמות און עופות,קא-מערן מיט אנגעגרייטע שפייז.בוידעמס פולע מיט זאפטיקן אויבס און קרייטעכ-צער און מיט דער גאנצער גאטס ברכה פון פעטער ערד."

עס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס איך האב גענומען לייענען נאטור-שיל-דערונגען.איך האב פארשטאנען,אז די נאטור ארום אונדז דארף מען קאנען זען און קיינער זעט נישט אזוי גוט און קלאר ווי א.מ.פוקס.עס איז געווען רעכט ביי מיר צו לייענען און פארטיפן זיך אין די וווּנדערבארע שילדערונגען פון פייזאזשן ארום אונדז סיי פרילינג,סיי ווינטער,א זאך צו וועלכן איך האב ביז דעמאלט נישט געהאט דעם קלענסטן אינטערעס און פלעג עס שטענדיק אריבער-שפרינגען כדי צו קומען צום עיקר...

היינט,ווען איך שרייב,שוין נאכן טויט פון א.מ.פוקס,לייען איך ווידער און נאך א מאל זיין קורצע דערציילונג "דער ציון ייד",וווּ עס קומט צום אויסדרוק דער שטאלץ פון משכיל און ציוניסט ,אייזיק דעם שוחטס,ווען ער שטייט ביים טיש פון פוילישן קאמאנדיר און פאדערט רעכט ווי א בירגער פון א באזונדער פאלק מיט אן אייגענער רעליגיע און לשון,מיט אן אייגן פאטערלאנד ארץ ישראל, פייערלעך באשטעטיקט דורך דער פעלקער ליגע...

עס האט געמוזט ברייננען אן א שיער פרייד דעם ברויסן דערציילער פוקס ווען ער איז אין 1951 אנגעקומען אין ישראל און געזען ווי עס ווערט פאר-

ווירקלעכט די האָפענונגען פון ציון-ייד.

צולעצט לאָמיר דאָ דערמאָנען, וואָס ש.ניגער האָט געזאָגט וועגן אברהם משה פוקס, אַז: כאָטש ער באַשרייבט אַזוי פיל די מענטשן פון דער אַלטער וועלט מיינט עס נישט, אַז ער איז צופרידן פון די פינצטערע גריבער, וועלכע ער עפנט פאַר אונדז.א, ניין! אָבער ער וועט אונדז נישט אונטערטראָגן די שווערע נויטן אין א גילדענעם בעכער ווייַן, נאָר אין אַן אָרעמער, ערדענער כלי.ער גיט אונדז צו פאַרזוכן דעם טעם פון דער וועלט רויערהייט.ער גיט אונדז אָבער צו פילן די לאַסט וואָס גלייכט אויס דעם מענטש און וועקט זייַנע פאַרבאָרגענע כוחות. עס איז די גרויסע לאַסט פון מענטשן, וואָס פילן דעם·צער פון דער וועלט און דורשטן נאָך דערלייזונג.

ה ד ר

קומענדיקן זונטיק גרייט זיך די יידישע וועלט צו פייערן די 34טע יארצייט פון וו.זשאבאטינסקי.עס איז געווען א פאר יאר פאר זיין טויט,ווען ער איז געקומען קיין מאנטרעאל און געהאלטן א רעדע אין דער ביבליאטעק.דעמלט האב איך דאס ערשטע און איינציק מאל אים געזען און געהערט.ווען איך בין געגאנ-גען אים הערן האב איך געפילט א מאדנע באציונג צו דעם מאן,וועמען מענטשן האבן גערופן פאשיסט.אנדערע האבן גאר חוזק געמאכט פון אים,געזאגט אז ער נעמט צונויף חדר-ייגגלעך און לערנט זיי תכסיסי מלחמה מיט ל"ב בעומר ביקס-לעך.איך בין אבער אוועק פון אים טיף באאיינדרוקט פון דעם ווארט ה ד ר, וואס ער האט אזוי באדייטנדיק אונטערגעשטראכן.דער אינהאלט פון זיין רעדע איז געווען אז צו זיין פיזיש הילפלאז און דערפאר פארשעמט דורך אזוי פיל דורות ווי עס איז געווען די יידישע יוגנט,קאן נאר קומען צו אן ענד,ווען איך זיי וועלן,פונקט ווי אלע אנדערע פעלקער,פון דער וועלט,וויסן ווי אומ-צוגיין מיט געווער.עס מאכט גארנישט אויס,האט ער געזאגט,וואס מ'האט אונדז אלע מאל געלערנט הקול קול יעקב.עס וועט זיין שיינקייט ה ד ר, ווען די יידישע יוגנט וועט נישט זיצן מיט פארלייגטע הענט און ווארטן ביז ענגלאנד וועט זיך שלאגן און באפרייען פאר אונדז ישראל און מיר זאלן דעמלט קומען צום גרייטן.ער האט פארגעזען,אז עס וועט קומען צו א פארמעסט און מיר מוזן זיין גרייט מיט געווער אין האנט אויסצוקעמפן אונדזער רעכט אויפן לאנד און איין מאל פאר אלע מאל אפשאפן דעם עלבון,די פארשעמונג פון אזוי פיל יארן און אויף וועמענס לעבנס עס האט אזוי געקלאגט ח.נ.ביאליק און אזוי פיל דורות פאר אים...

קענטיק אז זיין רוף איז נישט געבליבן אומדערהערט.ווען דער דייטשער עמ-לק איז אויפגעשטאנען אונדז צו פארניכטן,האט די יידישע יוגנט ארויסגעוויזן א קאמפס-גרייטקייט,וואס האט איבערראשט די וועלט.סיידן איינער וויל פעלשן די געשיכטע,אויב נישט,וועט ער מוזן מיט דערשטוינונג דערציילן,ווי יידן הא-בן מיט אייגן געמאכטע אויפריים-פלעמער זיך געווארפן אויף די שווער-באַ-וואפנטע דייטשן און פיל פון זיי פארניכטעט.

אין דער זעלבער צייט האבן יידן אין ישראל געפירט א קאמף קעגן ענגלאנד.

מיט זייער וויינליק געוועהר, וואס זיי האבן פארמאגט, האבן זיי געמאכט דעם ענגלישן אקופאנט אזוי ענג, אז ער האט געמוזט אנטלויפן. ווער געדענקט נישט ווי אזוי עס זיינען געשוועמען די אזויגערופענע אומלעגאלע שיפן און האבן געברענגט געראטעוועטע יידן פון איראפע. אונטערן נאז פון פארהאסטן ענגלישן אקופאנט האבן די ארץ ישראל יידן, אין די נעכט, אראפגענומען די געקומענע און זיי באהאלטן. אין דער פרי איז קיין שום שפור נישט געבליבן פון דעם בעשעענעם...

די גרויסע בעטרייישאפט פון דער יידישער יוגנט אין ישראל איז ביז איצט לגמרי נישט געווען אונטער קיין פראגע צייכן. פארקערט גאר, מיר האבן פארשטאנען, אז ביי קיין איין פאלק איז נישטא אזא פאטריאטישע יוגנט ווי די יידישע, אז מיר האבן געמוזט צוימען דעם כעס פון די יידישע זעלנער פאר נקמה, ווען נאר די אראבער זיינען אנגעפאלן. מיר האבן געמוזט אונטערשטרייכן אז אונדזער ציל איז שלום און מיר זוכן אלע וועגן אויסצוקומען מיט די אראבער, און נישט זוכן נקמה נעמען.

אין דער קורצער דערציילונג פון מרדכי קראשניץ, אין דער אנטאלאגיע "אין אייגענעם לאנד", וואס איז ארויס אין 1973 אין ישראל, ווערט אזוי שיין דערציילט וועגן א בחור אריק, וואס האט פארלוירן זיין באנטסטן פריינד, ישרוליק, 2 חדשים פאר דעם ווי עס איז אויסגעבראכן די מלחמה פון די 6 טעג, ביים פאטרולירן די ישובים פון גליל.. מען דארף זיי אלעמען אן רחמנות באשטראפן די סירישע מערדער, קיין איינעם פון זיי נישט איבערלאזן.

זיין טאטע האט אויפגעציטערט. זיין גאנץ לעבן טראגט ער אין זיך דעם גלויבן אין א יושרדיקער וועלט און ליבשאפט צום מענטש. ער האט געהאפט, אז זיינע קינדער וועלן ווייטער טראגן די זעלבע אידעאלן, אבער איצט הערט ער גאר וועגן נקמה, נקמה - - ניין, זון מיינער, דו ביסט איצט פארביטערט, אבער מ'טאר נישט פארפירט ווערן פון געפיל פון נקמה. פארניכטן צוליב נקמה איז א שרעקלעך פארברעכן. מ'טאר אפילו נישט טראכטן דערפון.

ווי אזוי קאנסט איר, דער אלטער דור, אונדז פארשטיין, זאגט אריק, איר זיינט דאך גלות-יידן, צוגעוווינט צו פארשווייגן עוולות אבי איבערצוקומען, אבי אויסצוהאלטן. מיר, סאברעס, קאנען אייך נישט פארשטיין און איר אונדז אוודאי נישט.

עס זײַנען אריבער 2 חדשים.אריק איז מאביליזירט געווארן אין דער זעקס טאגיקער מלחמה.נאכן באזיגן די סיריער לויפט אריק פארויס,דערנענטערט זיך צו א דארף און דערמאנט זיך,אז זיין פריינד וואס איז אזוי יונג אוועק פון דער וועלט,האט אים אמאל געזאגט: איך האב ליב ישראל ביז משוגע.אפשר איז עס מליצה,נאר איך בין גרייט אוועקצוגעבן מיין לעבן פאר ישראל - דערווייל באשיסט מען זיין אפטיילונג פון אלע הייזער אין דארף.אריק לויפט צו צו א שטוב,ווארפט אריין א גראנאט.נאכן אויפרייס עפנט ער די טיר.ער דערזעט,אז צווישן די זעלנער ליגט אויך טויט א קליין קינד.אין א בריוו צו די עלטערן שרייבט ער,אז ער איז איבגאנצן צעטרייסלט.כאטש דאס איז געשען קעגן זיין ווילן,דריקט עס אויף אים ווי א שווערע משא און ער קאן זיך דערפון נישט באפרייען.

ווען ער קומט צוריק אהיים דריקט אים דער טאטע צום הארצן,גליקלעך דער-פון,וואס זיין זון האט זיך באפרייט פונעם געדאנק ווענגן נקמה און ער איז ווידער אזוי אידעאליסטיש ווי ער האט אים דערצויגן.

אין דעם בוך "קעמפער דערציילן" איז דא אן אינטערוויו מיט איינעם מיכה,פון קיבוץ טירה צבי.דארט דערציילט ער וועגן איינעם א זעלנער פון גה,ראובן.ער איז געווען א געטרייער דערציִונג פון השומר הצעיר,דער-ציילט מיכה,ווען מיר זײַנען ארויס פון ירושלים און געפארן אין אויטא-בוסן,האט מען אין אלע ערטער,ממש אזוי ווי אין יום-העצמאות,געפאטשט מיט די הענט,און ער,ראובן,האט אויף יעדן ארט געשריגן צו יעדן פארבייגייער: מיר האבן באפרייט ירושלים,דעם כותל... און דעם גאנצן טאג האט ער נאר דאס געשריגן... אלע ווייסן,אז די דערציִונג אין השומר הצעיר איז א לינקע,אבער דאס יידישע הארץ איז אלע מאל אויפן ר ע כ ט ן ארט.מעג מען דערפאר זיכער זאגן: אל תירא עבדי ישראל!

און אזוי באשרייבט אליעזר שפר,אז ווען ער איז צוגעקומען צו דער כותל המערבי,האט ער דארט געזען זיינע חברים,וואס האבן,כלומרשט,נישט קיין געפיל פון קדושה,וואס ווערן דערצויגן אין זייערע קיבוצים אויף א זלזול דער-ציִונג צו די ווערטן פון רעליגיע און טראדיציע,און אויך זיי,ווי איך, זײַנען געווען באגייסטערט און דערהויבן,דאן האב איך ווידער פארשטאנען

אז ס'איז פאראן אין אונדז,אין גאנצן יידישן פאלק,וועלטלעכע ווי רעליגיעזע א טיפער יידישער ווען וואס ווערט נישט אפגעמעקט דורך דערציונג און ווערט נישט פארטושט דורך פרעמדע אידייען און ווערטן.

אי עס ווירקלעך פארגעקומען אזא ענדערונג אין די מוחות פון די יידישע קינדער אין ישראל,אז מ'דארף אזש טרייען קאראול דא הי? פון פערזענלעכער דערפארונג ווייס איך פון א ישראל יונגענמאן,וואס וווינט מיט א פרוי און קינד דא הי שוין עטלעכע יאר.אזוי שנעל ווי עס איז אויסגעבראכן די מלחמה איז ער אוועקגעפארן קיין ישראל.איז ער דען געווען דער איינציקער?

אויך די געטריישאפט און איבערגעגעבנקייט פון דער יידישער יוגנט פון אלע לענדער,איינגעשלאסן רוסלאנד,ווו מ'האט געמיינט,אז דארט וועט עס גע-לינגען אפצוזייסן אזא שיינעם צווייג פון אונדזער פאלק,מיט גוטן אדער מיט בייזן.די בענקשאפט נאך אן אייגענער היים,דאס איז דא איצט און וועט אייביק בלייבן.

שיין איז געווען ווען א ייד פון איבער 100 יאר האט אונדז געזאגט אין תל אביב: קומט,קומט אלע קיין ישראל,די מאמע ישראל האט גענוג פלאץ פאר אייך אלעמען!

איך האב צוטרויען צו דער יוגנט פון ישראל און איך קאן זיך עס נישט פארשטעלן מ'זאל צווינגען עלטערן,וואס גלויבן נישט אין געטער,לערנען קינ-דער אנדערש ווי זיי אליין גלויבן.אוודאי וואלט עס געווען אן עוולה סיי צו די עלטערן,סיי צו די קינדער ווען מ'זאל נישט לערנען יידישע געשיכטע, אז יידישע קינדער זאלן נישט וויסן וואס איז פארגעקומען מיט יידן די לעצטע 500 יאר,נאר לערנען יידישע געשיכטע פון אלטערטום.איך גלויב קוים אויב עמי-צער וועט אזא זאך רעקאמענדירן.דערווייל לאמיר האפן פאר שלום,לאמיר ווײ-טער בויען,זייען און פלאנצן.וועט די וועלט אנהאלטן איר גלייכגעוויכט, וועט ישראל זיכער ווערן אן אור לגוים.נאך די טעג פון פיין און ווײ פון דער יום כפור מלחמה,לאמיר איצט אלע אויסרופן:

נחמו נחמו עמי !!!

מיט א וואך צוריק האבן די צייטונגען געבראכט צוויי באזונדערע נייעס, וואס האבן, דוכט זיך, נישט געהאט קיין שייכות איינע צו דער אנדערער. אבער ווייל זיי זיינען ביידע געווען אין זעלבן טאג האט עס מיך געמאכט זיך א ביסל פארטראכטן.

דאס ערשטע שטיקל נייעס איז געווען וועגן דער לוויה פון הרב עמרם בלוי, וואס האט צוגעצויגן אן עולם פון פינף טויזנט פערזאן. דערביי דערציילט אונדז "איטא" - די יידישע טעלעגראפן אגענטור - אז דער פארשטארבענער רב איז געווען אזא שארפער קעגנער פון מדינה ישראל, אז ער און זיינע אנהענגער האבן זיך אמאל געווואנדן צום קעניג פון ירדן, הוסעין, ער זאל זיי באשיצן... ווען ניקסאן איז דעם 16טן יוני 1974 געווען אין ירושלים, האבן זיי אים געבעטן ער זאל מאכן ישראל פאר דעם 51טן אמעריקאנער שטאט. ביי דער לוויה האט מען נישט צוגעלאזן קיינעם וואס האט זיך באטייליקט אין די לעצטע וואלן אין ישראל, אפילו נישט די גערער חסידים. אויך דערציילט די נייעס, אז הרב בלוי, וואס איז מיט צען יאר צוריק אלט געווען זיבעציק יאר און איז געווען א טאטע פון פיר זין און זעקס טעכטער, האט דעמלט חתונה געהאט מיט א 35 יעריקער פראנצויזישער פרוי, וועלכע האט זיך דאן מגייר געווען. ער האט דע-מלט ארויסגערופן אזוי פיל קריטיק און פארווורף, אז ער איז געווען געצוואונ-גען צו אנטלויפן פון ירושלים, אבער די לעצטע יארן איז ער געווען צוריק אין מאה שערים.

דאס אויבן געזאגטע איז אלץ ציטירט פון די צייטונגען. איך וויל נאך צו-געבן, אז איך האב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען נעב גרויסן אויפשריפט אין יידיש אויף א וואנט פון דעם מאה שערים פירעק, וואס לייענט זיך אזוי: היטלער האט פארדינט געלט פון באראבעווען לעבעדיקע יידן, די רעגירונג פון ישראל פארדינט געלט פון צעשניידן טויטע יידן... ווען דער "בייד", וואס האט געפירט אונדזער גרופע האט זיך אפגעשטעלט אין מיטן פון פירעק כדי אויפצו-קלערן א ביסל מער איינצלהייטן וועגן דער מאדנער אויפפירונג פון די מאה שערים איינוווינער, האב איך אין הארצן געזוכט א זכות אויף אויף זיי, און ווען ער האט פארענדיקט האב איך זיך אנגערופן: קיין מערדער זיינען זיי נישט, גנבים אויך נישט, אויב נישט אזעלכע פרומע ווי זיי זאגן זייערע זיי-דעס, וואס האבן 3 מאל א טאג דערמאנט ירושלים פאר די אלע טויזנטער יארן

וואס מיר זיינען אין גלות,איז פון וואנען וואלט צו אונדז געקומען די בענ-קעניש נאך ציון און די גרייטקייט זיך מקריב זיין פאר איר? דער בייד האט מיך אנגעקוקט מיט א זדיערע מינע און האט באוויזשט בעענטפערט.

היינט,ווען איך לייען די ביייעס וועגן הרב בלויס לוויה טראכט איך וועגן די זומפן וואס די נישט-פרומע האבן אויסגעטריקנט אין ישראל.וויפל זיינען געפאלן קרבנות אין יענעם קאמף? אבער אין מאה שערים איז נאך אלץ דא א מיטלאלטערלעכער זומפ וואס מ'דארף אויסטריקענען,איך קאן מער נישט געפינען קיין זכות... די ביייעס אגענטור האט געפונען פאר נייטיק צו דערמאנען די סענסאציאנעלע געשיכטע מיט הרב בלויס חתונה,אפשר כדי איך זאל זיך דערמאנען יענע דערציילונג וואס איך האב געלייענט מיט אזוי פיל יארן צוריק און גע-דיינק אפילו נישט דעם נאמען און מחבר,וואס האט אזוי צארט דערציילט וועגן אן אלטן הערשער,וואס האט זיך פארליבט אין א גאר יונגער פרוי,וואס האט אבער נישט געוואלט ארויפצווינגען זיין ליבע אויף איר.ער האט איר,אבער, ארומגערינגלט מיט אזא צארטער אויפמערקזאמקייט און ליבע אז זי האט זיך מיט איר גאנצן הארץ אין אים פארליבט.די לעצטע נאכט פאר דער חתונה,ווען דאס לאנד מאכט אלע הכנות צו די גרויסע פייערונגען,גייט דער הערשער אויף און אפ אין זיין פאלאץ און טראכט אז איצט ווען די פרוי איז מסכים און אויך אלע שטאטס-לייט און דאס פאלק,וואס איז איצט מיט זיין אייגן געוויסן?

אין דער פרי,ווען אלע ציען זיך צום פאלאץ,גייט דער הערשער ארויס פון שטאט דורך א זייטיקער טיר.זיין הארץ איז רויק... האט הרב בלוי נישט געהער וועגן דער דערציילונג אדער האט נאך דאס בלוט אין זיינע אברים געקאכט אזוי הייס אז ער האט געמוזט טאן וואס ער האט געטאן.ווי שענער און בעסער פאר אים און דער וועלט וואלט עס געווען ווען ער טוט עס נישט!

איידער איך גיי אריבער צום צווייטן שטיקל ביייעס וויל איך נאך א ביסל אריינטראכטן וועגן דער טענדענץ פון פיל וועלטלעכע עלטערן און דערציער צוריקצוקערן זיך צו די אלטע קוואלן.והא ראיה: פון די אמאליקע ישיבה בחורים זיינען קיין היפים נישט ארויסגעקומען.אבער זיי פארגעסן אז אויך די סטו-דענטן פון אמאל זיינען געווען א גאנץ אנדער עלעמענט.די יידישע יוגנט וואס האט זיך ארויסגעריסן פון די בית המדרש ווענט איז געווען דער טרעגער

פון אלע נאציאנאלע און סאציאלע אידייען,און נישט די וואס זיינען דארט פארבליבן.ווילט איר איצט צוריקברענגען די דערציונג צו יענע באגרענעצטע אלטמאדישע געדאנקען וואס זיינען מער פארנומען מיט יענער וועלט ווי מיטן לעבן דא?

זייערע פירער דא הי בארימען זיך,אז זיי פארברייגגען יעדע וואך ביים קבר פון זייערע טאטעס און זיידעס און פון דארט ברייננען זיי עצות צו ישראל,זיי זאלן יא,אדער נישט,צוריקגעבן טעריטאריעס.און ווי אמאליקע זעלבסט-הערשער באפעלן זיי זייערע אונטערטאנען,צי זיי מעגן דורכפירן אפעראציעס. (זיי רעכענען זיך נישט מיט די מיינונגען פון דאקטורים).אויך בעשעט עס אז עמיצער א באיוועד נאכפאלגער פון פראסטן פאלק וואס דערשלאגט זיך קוים צום רבין נאך אן עצה,צי זאל ער עפענען א געשעפט,און דער רבי בענטשט אים, זאגט אים יא,און דער ארעמער ייד פארלירט זיין לעצטן סענט... חסידים פארן ארום איבער די גאסן מיט אזעלכע "ארטיקלען פון ערשטן געברויך" ווי תפילין, מזוזהס,יארמלקעס און מען צעבלאזט א גרויסן יריד... ערשט דערנאך שרייט מען: יידן גיט געלט,וועט איר האבן עולם הבא! פון וואנען האבן זיי גענומען די קאנצעסיע עולם הבא צו פארקויפן? האבן זיי עס דען געקויפט אבברא?

און אזוי פיל אנטוישטע יידן פון אונדזער דור לויפן צו זיי: די וועלט האבן מיר פארשפילט,אפשר האבן די פרומע ראיעלערע סחורה,מיר קאנען דאך נישט בלייבן אויסגעליידיקט פון גייסטיקן שפייז! ניין,מיר וועלטלעכע יידן וועלן דאס ראד פון דער געשיכטע נישט צוריקדרייען.די פאנאטיקער פון היינט וועלן זיכער נישט ווערן די וועגווייזער פון פאלק.א קליקע אין ירו-שלים,אן אנדערע אין ניו יארק,מאנטרעאל און ווו נאך?

איצט,כאטש איך האב זיך נאך נישט געגוב אראפגערעדט פון הארצן ווענן דעם יידישן קלער,מוז איך אבער איבערגיין צום גוישן,ווייל ביידע נייעס זיינען דערשינען דעם זעלבן טאג.די נייעס קומט פון פאריז,אז דארט האט מען געפונען א טויטן דעם קארדינאל,דאניעלו,אין דער דירה פון א קאבארעט זינ-גערין,וועמענס מאן זיצט אין תפיסה פאר פרויען-האנדל.ער איז געווען, זאגט מען אונדז,אזא "פרינץ פון דער קירך",מיט וועמען די פראנצייזישע

קאטאליקן האבן זיך געגרויסט,זיי האבן געהאפט,אז ער וועט אמאל ווערן פויפסט אין רוים.און איצט,מיט אזא טויט,האט ער פארשטעלט די מעגלעכקייט פאר א פראנצייזישן קארדינאל צו דערגרייכן אזא כבוד פאר ווער ווייסט ווי לאנג...

דער קארעספאנדענט פון פאריז דערציילט אונדז,אז רבי קאפלאן האט אים איבערגעגעבן,אז ער האט אמאל געפרעגט דעם פארשטארבענעם קארדינאל,צי ער האלט אז יידן דארפן זיך שמדן,האט ער געענטפערט: יא!די מיסיאנערישע טעטי-קייט צווישן יידן געהערט צו די וויכטיקסטע אויפגאבן פון דער קירך.עס זיי-נען אויך געווען קלאגען אז קארדינאל דאניעלו האט זיך באמיט לטובת יידן בעת די עקומענישע באראטונגען ווו עס איז ארויסגעלאזט געווארן דער "יידי-שער דאקומענט".עס האט דארט געזאלט ווערן ארייגעשטעלט א זאץ,וואס האט באדארפט פראקלאמירן די נייע דאגמע פאר אלע קריסטן,אז יידן זיינען נישט פאראנטווארטלעך פאר יעזוסעס טויט.דער קארדינאל דאניעלו האט זיך אבער עקשנותדיק געהאלטן ביי דער אלטער קריסטלעכער דאקטרין און האט דערפירט צום אפווארפן דעם רעהאביליטאציע פארשלאג.

נו,אזא הייליקער מענטש,וואס האט זיך מיט אזא אייפער אנגענומען פאר יאשע פאנדרע זאל שטארבן אונטער אזעלכע מיאוסע אומשטענדן, פ ע!

פארשטייט איר פארוואס איך האב אנגערופן מיין עסיי: זיי שמעקן ביידע נישט!

קאנווענציאנעלע ליגנס

עס איז געווארן 90 יאר זייט מאקס נארדוי האט פארעפנטלעכט זיין בוך "קאנווענציאנעלע ליגנס פון אונדזער ציוויליזאציע". וועגן דעם בוך הער איך שוין פון מיינע פריסטע יונגע יארן, אבער קיינמאל ביז איצט נישט גע-כאפט זיך צום לייענען. כ'בין געווען זיכער, אז עס איז געשריבן אין אזא הויכער פילאזאפישער שפראך, וואס איז מסתם, א שווערע עברי פאר א פשוטן בשר ודם, און אוודאי אזוי לאנגווייליק ווי אלע אבסטראקטע פילאזאפיעס. אבער לעצטנס, הערנדיק אזוי פיל מיינונגען וועגן דעם וואס מען מעג און וואס מען טאר נישט פרעגן, אויך וועגן דעם וואס מ'טאר אפילו נישט דערמאנען ווען מען געפינט זיך צווישן א גרופע. זיי חזרן איבער דאס ענגלישע ווערטל: פרעג מיך נישט קיין פראגן, וועל איך דיר נישט זאגן קיין ליגנס. האט עס מיר א צי גע-געבן צו נארדויס בוך.

איידער איך גיי אריין אין ווייטערדיקע איינצלהייטן וויל איך דא זאגן, אז דאס בוך האט מיר געבראכט אן א שיער פרייד און פארגעניגן. ערשטנס איז די שפראך אזוי גרינג און פאלקסטימלעך, אז יעדער קאן עס לייכט פארשטיין; צווייטנס זיינען די מיינונגען, וואס זיינען געשריבן מיט 90 יאר צוריק אזוי אקטועל היינט פונקט ווי דעמלט.

לאמיר אנהייבן מיט דער פראגע וועגן געגעטע. נארדוי זאגט, אז עס עקזיסטירט א פאראורטייל קעגן געגעטע, אן א שום באגרעכטיקטער סיבה. ער חזרט איבער פיל מאל, אז דאס צוזאמענוואוינען מיט א מענטש וועמען מ'האסט איז אזא עוולה אז מען מוז באטראכטן די מענטשן וואס גטן זיך ווי פערזאנען מיט מוט און קו-ראזש, וואס ווילן נישט מאכן שלום מיט זייער געוויסן און לעבן אין ווייטאק, אין פארשעמטקייט, באהאלטן פון מענטשנס אויג, אבי נישט ווערן געטאדלט פון דער געזעלשאפט ווי אן אויסנאם. דאס אויבן געזאגטע פון נארדוי איז אזוי אקטועל היינט. אט האט א באקאנטע פרוי מיר דערציילט אז א באקאנטע האט איר געטראפן אין גאס און געפרעגט: צי איז עס אמת, אז איר טאכטער האט זיך געגט? עס איז טאקע געווען אמת, זאגט זי מיר, אבער פארוואס דארף עמיצער מיט די שמו-ווסל צו איר אין הארצן קריכן?

מיט דער פולער ערנסטקייט און וויכטיקייט פון דעם ענין וויל איך דא זאגן, אז סיי די געגטע פערזאן, סיי די מאמע פון דער געגטער פערזאן, טאר באין

אופן זיך נישט פילן שולדיק און דערפאר נישט דארפן זיך פארטיידיקן,פארוואס זיי אליין אדער זייערע קינדער האבן זיך געגט.איך שטרייך אונטער דעם גע-דאנק ווייל עס זעט מיר אויס,אז אין אונדזערע אייגענע קרייזן האלטן מיר נאך אלץ ביים אלטמאדישן אומבארעכטיקטן שטאנדפונקט ווי דעמלט ווען עס האט וועגן דעם געשריבן מאקס נארדוי.

כדי ווייטער אילוסטרירן ווי מיר האלטן היינט מיט די קאנווענציאנעלע ליגנס,לאמיר דא דערמאנען דעם וויץ וועגן ראבאי,וואס האלט א גרויסע דרשה שבת נאך קריאת התורה וועגן שמירת שבת.נאכן דאווענען זאגן אים די גבאים, אז אלע מתפללים קומען אין שול מיט זייערע אויטאמאבילן,אלע האלטן אפן זייערע געשעפטן שבת,זאל ער בעסער רעדן וועגן עפעס אנדערש.דעם צווייטן שבת רעדט דער ראביי וועגן לייגן תפילין;דעם דריטן וועגן געמישטע התונהס. די גבאים זיינען אלץ נישט צופרידן,סיידן ער זאל נאר רעדן וועגן סעקס. אויב אזוי,זאגט דער ראביי,וואלט איר,אפשר,געדארפט האבן א שטומען ראבאי, ער זאל וועגן גארנישט ריידן.

איך געדענק א געשיכטע פון 20 יאר צוריק.איך האב פאר א לייען קרייז פון עטלעכע און דרייסיק מענטשן גערעדט וועגן שלום אשס "די מוטער",ווו ער שילדערט דעם קאמף צווישן דער גרויסער ליבע,וואס די יידישע פרוי פילט צום גוישן געליבטן,נאך דעם ווי זי האט זיך באפרייט,נאך אזוי פיל יארן ליידן,פון איר יידישן מאן,און איר געוויסן וואס דערלאזט איר נישט פאר-בינדן זיך מיט א נישט-ייד.ערשטנס שילדערט אש אזוי-ווי עפעס א פרעמדער ריח וואלט געקומען פון אים,און צווייטנס שטעלן זיך די בענטש-לייכטער פון איר פארשטארבענער באבע פאר די אויגן און עס ווירקט אויף איר ווי א כישוף,אז זי מוז אפזאגן די האנט פון דעם צו וועמען עס ציט איר אזוי שטארק.דאס בוך פון שלום אש האט אן אונטער-קעפל,גאטס געפאנגענע,אזוי ווי אש וויל אונטער-שטרייכן אז די יידישע פרוי האט נישט קיין פרייען ווילן,זי איז פון גאט געפאנגען און זיין ווילן מוז זי טאן...

איך האב געלייענט אויסצוגן פון בוך און נאך אליין געווען אזוי מיט-געריסן מיט אשס אויספירן,אז איך האב גארנישט געזען ווי נערוועז די פאר-

זאמלטע האבן זיך געדרייט אויף זייערע בייבקלעך.ערשט ווען איך בין ארויס פון דארט,אויפן וועג אהיים,האט מיר איינער געזאגט,אז אסט פון די מיט-גלידער פון לייען-קרייז האבן קינדער פארהייראטע מיט נישט-יידן.דערפאר זייער נערוועזיטעט בעתן לייענען.

וואלט איך וועלן וויסן,ווי לאנג וועלן מיר אזוי פילן א מינדערווער-טיקייט בעפיל ווען עס טרעפט אזא זאך און באמיען זיך אויסבאהאלטן אזוי לאנג און צווישן אזוי פיל מענטשן,וויפל עס לאזט זיך נאר? זיינען מיר דען היינט אזוי פרום,אז עס טרעפט אונדז,אז אונדזערע קינדער זאלן נישט ארויס-ווארפן דעם גלויבן אין יידישן גאט,אז סייוועי שפילן נישט די געטער מער אזא גרויסע ראליע ווי אמאל.איך בין פולשטענדיק זיכער,אז אין צייט פון א יידיש נאציאנאלן קריזיס קאנען מיר מער דערווארטן פון א יידן וואס איז פאר-הייראט צו א נישט-יידישע,ווי פון א סאטמארער יידן וואס זאגט,אז זיי זיינען די "קרים" פון דער קאפע פון יידישן פאלק און אזוי זאגן אויך די מאה שערים יידן...

איצט איז מיר נאך געבליבן א פראגע,וואס האט א גרויסע שייכות מיט די וויכוחים ארום דעם מי יהודי געזעץ אין ישראל.ווי באוווסט פירט זיך אין קאנאדע און אמעריקע,אז יידישע פארלעך,וואס קאנען נישט האבן קיין אייגענע קינדער,אדאפטירן קינדער פון פרעמדע,פארשרייבן זיי אויף זייערע נעמען און אזוי בלייבט עס.בעטעט עס נישט אז גוישע קינדער ווערן אדאפטירט דורך יידי-שע עלטערן און קיינער ווייסט נישט שפעטער,ווייל קיינער פארשט נישט נאך פאר דורות צוריק דעם יחוס בריוו פון די חתן-כלה.אויב אזוי,פון וואנען וויסן מיר,אז די מערהייט היגע יידן פון צווייטן אדער דריטן דור,זיינען יידן? לאזט ארייך די פרומע אין יידישן פארלאמענט אין ישראל און לאזט זיי הערשן,וואס וועלן מיר האבן? דעם מיטלאלטער באר אויפסניי! לייענט נארדויס וועגן דעם ליבן פון רעליגיע,עס איז נאך א ק ט ו ע ל.

ערשט נענטן האב איך געהערט וועגן דעם בייעסטן און מיאוסטן ליבן,וואס האט זיך פלוצלונג פארשפרייט צווישן דער אזויגערופענער אקאדעמישער יו-גנט דא הי אין קאנאדע און אויך אין אמעריקע,צווישן א גרופע מאמעס און קינדער.א דיאלאג געפונען פון א סטודענטן גרופע אדורכצוריידן זיך,האט מען

געהערט זאגן,לגבאי: א,זי איז אן אמתע יידישע מאמע! די יידישע מאמע איז, הייסט דאס, געווארן למשל ולשנינו,ווי א סינאנים פון מיאוסקייט און ייִדע־ריקייט פון דער ערגסטער מדריגה! וואלט איך זייער געוואלט וויסן אויב אויך אונדזערע אייגענע קינדער טראכטן אזוי.זייט עס איז ארויס דער מיאוסער פאַש־קוויל א.נ."פארטנאיס קאמפליין",ווו דער מחבר קלאגט זיך אז ווען ער איז גע־ווען א קינד און די מאמע איז געשטאנען איבער אים לעבן טיש און געשריגן: עס! האט זי דעמלט געהאלטן א מעסער אין האנט און ער איז געווען אונטערן איינדרוק,אז אויב ער זאגט זיך אפ פון עסן,שטעכט זי אים מיטן מעסער!

האט איר אין אייער לעבן שוין אמאל געהערט פון אזא מיאוסן בילבול אויף א יידישער מאמע! אויך ווען זיין פאטער דערציילט דער זעלבער נפש,וואס שרייבט נאר אין ענגליש,קענטיק כדי זיך איינקויפן אין "לאסקע" ביי די גוים,וואס לאכן אין די פויסטן ווען זיי הערן ווי א ייד זידלט און באליי־דיקט זיינע אייגענע - אויך ווען זיין טאטן האט ער נאר הוזק און בריזגשע־צונג צו דערציילן.אינטערעסאנט וואלט עס געווען צו ברייגען אים אין גע־ריכט די לעצטע וואך,ווו מ'האט געפונען א נישט־ייד קרימינעל פאראנטווארט־לעך פארן טויט פון זיינע 3 קליינע קינדער אויף וועמענס לעבנס ער האט ארויסגענומען א פארזיכערונג אויף 105.000 דאלאר,דערנאך זיין אייגן הויז אונטערגעצונדן,אליין דורך א פענצטער ארויסגעלאפן און נישט געמאכט קיין פרווו זיינע קינדער צו ראטעווען...

הייבט אויף די קעפ מיינע ברידער און שוועסטער! אין די ערגסטע אומ־שטענדן פון אייער לעבן זיינט איר געבליבן מאראליש ריין און שיין.די מי־אוסע קאנווענציאנעלע ליגנס וואס ה י י מ י ש ע און פרעמדע פארשפרייטן וועגן אייך וועלן אוועקפאלן און שטאלץ וועלן מיר בלייבן אייביקע יידן.

# די רו און די פרייד אין אונדזער הויז

כאטש סט.אגאט איז נאר איין שעה פארן פון מאנטרעאל,האט עס אונדז גענומע מער פון 40 יאר צו קומען אהער.נישט נאר זיינען מיר געווען פארנומען מיט ארבעט און קינדער דערציען דורך דער וואך;דאס איז פארשטייט זיך געווען א 7 טעג וואך אויפגאבע.אויב מיר האבן די ארבעט געקרוינט מיט דערפאלג - ווענדט זיך ווי איינער זעט עס... סיי ווי מיר זיינען דא געקומען צו געניסן פון רו און פרישע לופט,הנאה האבן פון אומבייט פון סביבה,פון פרישע איינדרוקן אויפן שריט פון דער נאטור.

מיין פרוי,וואס בייבקט אלע יארן נאך די פרייע פעלדער און פעלד-בלומען, נאך די קלארע וואסערן אין דארפישע ישובים און די גערוכטע ביימער ארום די בערג,די היגלען און טאלן מיט זייערע סאמעטענע גראזן,ווו עס פאטען זיך אזוי שטיל רינדער און שעפסן.אט די אלע דערינערונגען פון אירע קינדער יארן זיינען מיטגעבאנגען מיט איר דאס גאנצע לעבן.אין איר האפענונג האט זי כסדר דערמאנט,אז מיר וועלן אויף דער עלטער אזא פלאץ געפינען.אין דער קלענסטער הייזקע וועט זי זיין צופרידן זיך צו באזעצן,אוועק פון די שטאטישע בליקן און טומל.

דערווייל זיינען מיר דא נאר צייטווייליק.ביז אירע חלומות וועלן מקוים ווערן קלויבן מיר זיך דא זיין אין א מעבלירט הויז ווו עס געפינען זיך נאך 3 יידישע פארלעך און פונקט אזויפיל נישט-יידישע,פון פארשיידענעם עלטער,איינגעשלאסן אירישע,פראנצייזישע,אלע צוזאמען א קליינע פאריינציקטע פעלקער ליגע אין מיניאטור,אין עלטער פון 20 ביז 87.דאס הויז איז אלט.עס געפינט זיך אין א האנדלס גאס.אין דעם הויז איז אמאל געווען א האטעל.קיין בלומען וואקסן דא נישט לעבן הויז.דער אויסבליק פון פענצטער פון אונדזער שטוב,וואס געפינט זיך אויפן ערשטן שטאק,פירט אין א הויף,ווו עס שטייען ביימער,וואס גיבן א ביסל שאטן,אבער זעען נישט אויס זייער אלט.דער וועטער איז קאלט.קיינער באדט זיך נישט.די בעלעבאסטע,אן אלמנה,זיצט אין אוונט ביי האלב-פארמאכטע פענצטער און קוקט אין טעלעוויזאר.דאס זעלבע - אויך א פראנצייזישער "בעטשלאר" און 2 יונגע פראנצייזקעס.אלע קוקן טעלעוויזיע-פראגראמען אין פראנצייזיש.ביים אנקומען אהער זונטיק נאך מיטאג באגעגענען מיר אן עלטערן ייד אין ברילן,איין שייבל פארקלעפט.ער גייט מיט א שטעקן.מר.

מ. און זיין פרוי זייַנען דא דעם גאַנצן סעזאָן; די צווייטע פּאָר,מר. ס.
און זיין פרוי זייַנען אין זייער צימער.

מיר קלערן,ווי ווען עס זיין דא,וועלן מיר זיך צוזאַמענלעבן,וועלן מיר
געפינען געמיינזאַמעס,עפּעס אינטערעסאַנטס וואָס זאָל אונדז פאַרווייַלן,פאַר-
בינדן,אָדער וועט יעדער בלייַבן זיין וועג כאַזונדער און מיר וועלן נישט גע-
פינען די רו און די פרייד פון נייַע באַקאַנטשאַפטן; ווייַל נישט צו דער לבנה,
די שטערן און אַלע וווּנדער פון דער נאַטור איז מייַן אויג געווענדעט.איך
שטיי נאָך אַלץ פאַרן רעטעניש מ ע נ ט ש, וואָס איז לויט מיר דער צענטראַלער
פונקט פון אונדזער גרויסן פּלאַנעט ערד.געלינגט עס מיר גלייך צומאַרגנס,
מאַנטיק,אָנקניפּן אַ ביסל אַ שמועס מיט מר. מ. עס ווייַזט זיך אַרויס,אַז ווייַל
עס איז אים געלונגען צו האָבן פּרנסה ברווח די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן
אין קאַנאַדע - און ער איז שוין דא זייט 1906 - האָט ער אָבער אויסגענוצט
אַלע געלעגנהייטן וואָס ער האָט נאָר געהאַט צו טאָן גוטס צו אָרעמע.זיין טיר איז
געווען אָפן פאַר אָרעמע שרייבער.נישט נאָר האָט ער אַליין געגעבן,נאָר אויך
געזאַמלט געלט פון אַנדערע.ער קען אַלעמען פון דער מאָנטרעאַלער יידישער
אינטעליגענץ און אַלע קענען אים.אַ נעם עלטער פון 70 יאָר האָט אין אים
געקלונגען מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס,און כאָטש ער האָט קיין נאָטן קיינמאָל
נישט געלערנט,האָט ער צונעפּאַסט מעלאָדיעס צו פיל יידישע קינדער-לידער,איז
אויף אייגענע הוצאות געפאָרן קיין ישראל,האָט דאָרט פאַרבראַכט פינף חדשים,
געפונען זינגער,וואָס האָבן זייַנע שאַפונגען געזונגען און דערפון געמאַכט אַ
פאָר הונדערט פּלאַטן.ער האָט זיי שפּעטער פאַרקויפט און דעם ריווח אָוועקגעגעבן
פאַר ישראל.מיר זייַנען געזעסן,מאַנטיק בייַנאַכט,ווען ער און זיין פרוי האָבן
זייערע הערצער געעפנט פאַר מיר און איך בין אַזוי מיטגעריסן געוואָרן.כ'וואָלט
אפשר אַ גאַנצע נאַכט געקאָנט הערן.איך האָב נאָר געקאָנט זאָגן זיי עטלעכע
ווערטער,אַז זיי מעגן ווירקלעך שטאָלץ זיין מיט זייער פאַרגאַנגענהייט.קיינער,
קיינער,האָט נאָך נישט חרטה געהאַט אויף זייַנע כאַגאַנגענע מעשׂים טובֿים...

ניין,עס הערשט נישט קיין אומעט און נישט קיין אומרו אין אונדזער
הויז.עס איז דאָס שיינע און גוטע לעבן וואָס אַ מענטש פירט,וואָס האַלט אויף
זיין מוט ביז אין טיפן עלטער.

עס איז אונדז אויך געלונגען,דינסטיק,ווי עס איז א ביסל זיך באפריינדן מיט די פראנצייזישע מיידלעך.אין א לייכטן טאן האבן מיר זיך באקענט מיט א ביסל הומאר,כאטש זיי פארשטייען נישט גוט קיין ענגליש,און מיר ריידן נישט גוט פראנצייזיש,האבן מיר זיך גענוג פארשטאנען,כדי נישט מער פילן פרעמד איינער צום אנדערן.עס באשטעטיקט זיך מיין הנחה,אז דער מענטש איז בטבע גוט.שווער איז נאר דער וועג ווי אזוי צוצוקומען צו זיינע געפילן.האסטו די מניעה גובר געווען,קאנסטו ווירקלעך מאכן פילן אלעמען ווי ברידער.
נאך 3 טעג דא זיין,וואס נאך קאן איך זאגן?

לאמיר האפן אז די רו און די פרייד,די הארמאניע און סימפאטיע,וואס מיר האבן געפונען דא,זאל בלייבן אין דעם הויז פאר אייביק,און פון דאנען זאל די רו און ליבשאפט פון מענטש צו מענטש זיך פארשפרייטן אומעטום, אומעטום!

## די גאר גרויסע און די גאנץ קליינע נייעס פון טאג

די גאר גרויסע נייעס פון טאג פאר די לעצטע 2 יאר איז געווען די אויפ-
דעקונג פון פרעזידענט ניקסאנס נישט גאר פיינע אויפפירונג מיטן אונטער-
הערן זיך פון זיינע מענטשן בעת דער קאנווענשאן פון דער דעמאקראטישער
פארטיי אין וואטערגעיט און אנדערע מעשים טובים פון דעם מין. אין פארלויף
פון דער גאנצער צייט זיינען גאנצע זייטן פון די צייטונגען געווען פארנו-
מען מיט דער פראגע: שולדיק, אדער אומשולדיק?

מענטשן האבן וועגן דעם היציק דיסקוטירט אין די היימען, קלובן, רעסטא-
ראנען, אפילו אין די סינאגאגעס, ווען מ'ווערט מיד צו הערן לייענען די
סדרה פון דער וואך און מע גייט א ביסל ארויס אין קארידאר, האט מען כסדר
געהערט דעם נאמען ניקסאן. פיל האבן אויך מיך, דא אין קאנאדע, געפרווט ארייג-
ציען אין קאמף, איך זאל אויך ... זיין ווערן און אנהייבן שעלטן און זיד-
לען. אבער א מערקווירדיקע ... איך בין געבליבן קאלט, עפעס ווי עס ווי עס
וואלט מיך גארנישט אנגעגאנגען. בשום אופן האב איך נישט געקאנט גלויבן, אז
אין אמעריקע האט א פרעזידענט אזוי פיל מאכט ווי אמאל א קעניג, וואס איז
געווען א זעלבסהערשער און וואס ער האט נאר געוואלט האט ער געטאן. איך
האב אלע מאל פארשטאנען אז אין אמעריקע קאן קיין וויכטיקער געזעץ נישט
אדורכגיין אן דער צושטימונג פון קאנגרעס. איז אויב מ'האט אויסגעפונען
אז דער פרעזידענט האט מסכים געווען צו געזעצן וואס זיינען אנגענומען גע-
ווארן דורכן פארלאמענט, און פון דעם איז ארויס א רעה פארן לאנד, פארוואס אא
האלטן נאר אים פערזענלעך פאראנטווארטלעך? אויך די גרויסע עוולה וואס ער
האט גענומען געלט פאר די וואלן און האט צוגעזאגט דערפאר באשטימטע פריווי-
לעגיעס, איז עס, דוכט זיך, אויך א גאנץ געוויינטלעכער ענין, איז וואס טומלט
מען אזוי? איך בין אבער נישט זיין פארטיידיקער, איך ווייס אפילו נישט אלע
דעטאלן און וויל נישט וויסן! איצט ווען איך שרייב די שורות איז שוין דער
טומל אריבער, ניקסאן האט רעזיגנירט און זיין ממלא מקום פארד איז איינגע-
שווארן געווארן אלס דער נייער פרעזידענט. עס וועט זיין אינטערעסאנט צו
זען אויב די וואס האבן גוט פארדינט פון ארונטעררייסן ניקסאנען וועלן
זיך איצט געפינען א לייכטערע פרנסה און אלץ וועט שנעל פארגעסן ווערן.

מיר דוכט, אז זיינט יענע צייטן ווען יידן זיינען געקומען צום נביא ער זאל באשטימען א פירער, א קיסר איבער זיי, און ער האט זיי טוין דערמלט געווארנט, אז די מענער וועט דער קיסר נעמען פאר סאלדאטן, זייערע ווייבער וועט ער מאכן פאר דינסטן און זייערע טעכטער וועט ער זיך נעמען פאר קעבס-ווייבער, און זיי זיינען דאך דורכויס באשטאנען ער זאל זיי זאלבן א קעניג - זיינט יענע אלטע צייטן קלאגן זיך אלץ מענטשן אויף זייערע פירער : קעניג, פרעזידענט, אדער אנדער טיטל וואס ער טראגט. איך האב קיינמאל נישט געלערנט געגנוי די אנארכיסטישע הורה, אבער מיר דוכט, אז ערגעץ אין זייער נראגראם רעדט זיך וועגן דעם  אז זיי זיינען קעגן דער הערשאפט פון איין מענטש אי- בער א פאלק. ווען מיר זעען וואס עס האט זיך אפגעטאן די לעצטע 2 יאר ארום ביקסאנען טראכט איך אז עס וואלט, אפשר, געווען בעסער ווען מע וואלט געקאנט לאזן א געזעלשאפט הערשן איבער זיך אליין און נישט עמיצער זאל הערשן איבער זיי...

אבער גענוג מיט די גרויסע נייעס פון טאג. אין אַ פארוקטן ווינקל פון "מאנטרעאל סטאר" איז געווען באשרי בן ווי אזוי א ייד פון מאראקא איז געקומען אין מאנטרעאלער געריכטס הויז צו ווערן איינגעשווירן אלס קאנא-דער בירגער. ער איז 105 יאר אלט. ער פארשטייט נישט קיין ענגליש און קיין פראנצייזיש. דאס געזעץ פון לאנד זאגט אז צו באקומען בירגערשאפט מוז מען קענען איינע פון די 2 שפראכן. צוליב זיין הויכן עלטער האט מען דאס געזעץ פארבויגן. ער האט דערהאלטן א באגריסונגס טעלעגראמע פון פרעמיער-מיניסטער טרודא, פון עמיגראציע מיניסטער און אין א באזונדער צימער איז געווען אנ-געגרייט ליקער און פארבייסן, ווי א מתנה פון דער קאנאדער רעגירונג צו דער פייערלעכער געלעגנהייט. דער ייד האט זיך אפגעזאגט פונעם כיבוד, ער האט מורא געהאט פאר יין נסך, ער איז אויך געווען א ביסל מיד.

באוואָרן איך זיך פון פארויס, אז מ'זאל מיך נישט אננעמען פאר קיין בטלן, ווייל איך גיי דא זאגן אז די גאר קליינע נייעס, די נייעס וועגן דעם אלטן ייד און די "רעסעפשאן" אין דעם "קארט האוז" האט מיך מער מיטגעריסן, האט מיך מער באגייסטערט און  האט אוודאי און אוודאי מיך מער אינטערעסירט

ווי די גאר גרויסע נייעס, וואס האט געהאלטן געשפאנט דער גאנצער וועלט די לעצטע 2 יאר.

איך טראכט וועגן די שרעקלעכע שטורעמס, וואס זיינען אריבער דעם יידנס קאפ ביז ער איז בשלום אנגעקומען צו די מאנטרעאלער ברעגן, וועגן די צרות וואס מען האט אלע יידן פארשאפט אין די לעצטע 106 יאר, ווען דער דאזיקער ייד איז געקומען אויף דער וועלט, און די פיל יארהונדערטער פריער. ווי יענער געהיימניספולער פויגל וואס שטייט אויף נאך פיל יארן ברענען אין פייער, זיינען מיר היינט עדות ווי מ'גיט אפ כבוד א ייד אויף אזא שיינעם אופן. ווי זאל עס אונדז נישט פרייען און רופן אונדז זיך טיף פארטראכטן וועגן אונדזער גורל. איז עס נישט פאר אונדז וויכטיקער ווי די גרויסע נייעס?!

## אַן-אורנט אין א קינדער-קעמפ

עס האט זיך מיר קיינמאל נישט איינגעגעבן צו פארברענגען אן אורנט מיט מיינע קינדער אין א קעמפ,זומער אויף די פרישע לופט.נישט איך האב געהאט די צייט נישט די ביטיקע פאר גראשן,וואס עס האט אמאל געקאסט דאס ארויספארן.אין יענע ,ג ו ט ע' צייטן האב איך יעדן טאג פון דער וואך געארבעט ביז שפעט ביינאכט און ערשט נישט פארדינט גענוג אויף אזעלכע לוקסוסן ווי שיקן די קינדער אין א פריוואטן קעמפ,ווו עס קאסט היינט ארום 100 דאלאר א וואך פאר א קינד,דעמלט - ווייניקער ווי א פערט חלק דערפון,אבער איך האב עס נישט געהאט.די מאנטרעאלער קהילה האט דעמלט, יעדן זומער,געשיקט קינדער פאר עטלעכע וואכן אויף די פרישע-לופט קעמפס פאר 5 דאלאר א וואך.האב איך איינמאל א זונטיק אין דער פרי זיך איינגעשפארט:אויב מיין קינד ווערט זיין אוועק פאר 3 וואכן,וואס ווערט מיך קאסטן 15 דאלאר,מוז איך ארויספארן כאפן א קוק,ווי אזוי זעט אויס דער קעמפ און ווי אזוי זעט דארט אויס מיין קינד?

איך האב געטראפן מיין קינד פריש און מונטער.ער האט זיך גוט צוזאמענגעלעבט מיט אלע קינדער,אבער עפעס איז געווען אן אטמאספער פון אומעט,וואס איך קאן ביז היינט נישט פארגעסן.דער וועטער איז אויך געווען טריב,כמורנע,פארוואלקנט.ווען די קינדער האבן געענדיקט זייער מיטאג האט געקלונגען דער גלאק,אז די עלטערן וואס האבן פון פארויס באצאלט איין דאלאר פאר מיטאג,קאנען גיין עסן.

אינעם עס-זאל איז געווען פינצטער,קיינער האט נישט געפונען פאר נייטיק צו מאכן ליכטיק.די טישן נאס,מסתמא פון די קינדערישע עסנס, קיינער האט זיי נישט אפגעווישט.די געשיר פאראסטעט,זעט אויס שוין לאנג נישט גוט אויסגעשיירט.וואס פארא עסן ס'איז געווען געדיינק איך נישט,אבער אלץ איז געווען קאלט און נאכלעסיק דערלאנגט.און איך,וואס איז געווען געוווינט פון טאטנס הויז אז אן אנבייסן,אפילו פון איין דעמל מיט קאווע,האט די מאמע סערווירט אויף א בלאנק-ווייסן טישטעך,און די איינפאכסטע קארטאפל-זופ - הייס און געשמאק,אז דער טעם ליגט מיר נאך ביז היינט אין מויל.איך האב דעמלט שטארק באדויערט מיין קינד:

אויב אזוי זעט אויס דער טיש פאר עלטערן וואס באצאלן א דאלאר פאר איין מיטאג,ווי מוז שוין אויסזען דאס גאנצע לעבן פון די קינדער וואס צאלן נאר 5 דאלאר א וואך?!

היינט איז עס אנדערש, היינט איז מיין אייניקל יא אין א פריוואטן קעמפ.נישט אין א זונטיק אין דער פרי פאר איך; אין א פראסטן מיטוואך אוונט קומען אונדזער איידים און טאכטער: מיר פארן זען דעם קעמפ.עס וועט זיין א טעאטער פארשטעלונג און אונדזער "גראנד סאן" פון 16 יאר וועט אנטייל נעמען,ער וועט זיין איינער פון די הויפט "סטארס"! און מיר דארפן עס זען.

דער קעמפ איז א ריזיק שטיק לאנד אויסגעשניטן פון א געדיכטן וואלד. אינעם פיינעם טעאטער זאל זיינען פארזאמלט איבער 300 מענטשן פון פאר-שיידענעם עלטער,חוץ די 100 קינדער,וואס האבן אנטייל גענומען אין דער פארשטעלונג.מען אנאנסירט,אז מ'וועט ווייזן א "מיוזיקל"
אלע ווייסן מסתמא וואס פארא באשעפעניש דאס איז,ווייל בלייך פאטשט מען מיט די הענט,א סימן אז דער עולם איז צופרידן.מ'איז אויך מודיע אז נאך דער פארשטעלונג איז צוגעגרייט כיבוד אינעם עס-זאל.דאס אלץ זאגט אונדז אן דער בעל הבית פון קעמפ,א מענטש נאענט צו די 50.ער טראגט א שווערן יאך אויף זיך : עס זיינען דא 250 קעמפערס,און ער מוז זארגן פאר זייערע פידישע און,מישטיינס געזאגט,גייסטיקע באדערפענישן.פארווא ס איך נוץ דאס ווארט מישטיינס געזאגט,וועט איר זיך באלד דערוויסן.

די אטמאספער אין זאל איז א פריילעכע.עלטערן קוועלן אן פון זייערע געראטענע קינדער,זיידע-באבע – פון זייערע אייניקלעך,וואס זענען,קיין עין-הרע נישט,אויס פיין,און אט זיינען זיי דאך אפילו אקטיארן און אקטריסעס.דער פארהאנג הויבט זיך אויף.די שפיל הייבט זיך אן,און ענדיקט זיך שפעטער,מיט געזאנג און עטלעכע אינסטרומענטן באגלייטן מיט טומל און געשריי,אז עס איז שווער אויפצונעמען די ווערטער פון די העלדן און העלדינעס.אבער עס איז נישט נייטיק: די געשיכטע דרייט זיך ארום א גרופע געמבלערס,וואס די "סאלוויישן ארמיי" וויל זיי ארויספירן צוריק

אויפן דרך הישר.און ווער מיינט איר געווינט אין דעם דאזיקן געראנגל?
איר האט געטראפן: נישט די היילקע, דער אנדערער צד!

די שפיל,ביז איך זיבער,איז נישט געשריבן פאר 16 - 18 יאריקע.דאס
איז איינע פון די בילקע בראדוויי מאכערייקעס,וואס האט נישט קיין שום
מאראלישע פרעטענזיעס און פאסט זיך אזוי פאר קינדער אין עלטער פון ערב
רייף ווערן ווי דאס יידישע פאלקס ווערטל זאגט: ווי א פאטש צו גוט שבת.
ווי אנדערש און ווי שיין איז געווען די קינדער פארשטעלונג וואס איך
האב געזען אין די אמאליקע ארעמע יידישע שולן פון ציש"א אין פוילן
א.ב. "די פאסט" פון ראבינדראנאט טאגארע.אוודאי איז יענע פארשטעלונג
געווען פאר יינגערע קינדער,אבער צי האט מען נישט געקאנט צוקלויבן עפעס
א פאסיקע זאך פאר די קינדער פון דעם עלטער? צי האט מען געמוזט אזוי
וווּלגאריזירן דעם געשמאק פון די יונגע צארטע קינדער,אז קיין העכער
געפיל פאר שיינקייט,פאר אידעאליזם,וואס רייסט מיט און באגייסטערט אזוי
די יונגע הערצער,זאל זיך נישט קאנען אדור כרייסן אפילו דורך א קליין
שפעלטעלע? איז אפשר דער געשמאק און די אינטעליגענץ פון די עלטערן און
זיידע-באבע אזא נידעריקע,אז מ'האט גארנישט באדארפט א מער ערנסטע א
מער קינסטלערישע פארשטעלונג? אדער ווער ווייסט,אפשר טראכט זיך דער
קעמפ-דירעקטאר אז עולם-גולם קאן מען קארמענען מיט קלאטשע,אבי מיין
משהלע,מיין דינועלע זאל שפילן אויפן "סטיידזש".

לאמיר ביי דער געלעגנהייט דערמאנען אז עס איז אונדז אויסגעקומען
צו זען עטלעכע פארשטעלונגען פון אמאטארן גרופעס ביי סינאגאגעס און די
וווּלגאריטעט האט נאך איבערגעשטיגן די קעמפ פארשטעלונג.ווען איך האב
געפרעגט,צי דער ראביי האט די פארשטעלונג געזען,האט מען מיר פארזיכערט,
אז ער האט געזען און געזאגט מבינות,אז עס איז גוט! ווי געפעלט אייך
אזא מבינות?!

זיך אומקערנדיק צוריק צום קעמפ און מאכנדיק א שטיקל סך-הכל פון
אונדזערע רעפלעקסן... די טישן אין עס-זאל זיינען געווען ריין און
טרוקן,עס איז אויך געווען גערעם און ליכטיק,די קאווע ווארעם און די

גענעקסן פריש און געשמאק,נאר... זאל דער קעמפ-דירעקטאר עמעצן אנפאר-טרויען אויסצוקלויבן דעם קינסטלערישן פראגראם צום קומענדיקן יאר.איך בין גרייט עס צו טאן אן שום באצאלט.אפשר וועלן אויך אנדערע עס אפשאצן און עס וועט זיין לטובה די קעמפערס און אויך דער דירעקטאר וועט קאנען זאגן בפה מלא,אז ער זארגט זיך און נעמט ערנסט.די גייסטיקע פארוויילונג און דערציונג פון די קינדער,וואס פינף הונדערט עלטערן טרויען אים אן.

און גאר צו לעצט: פיליפ ראטה,וואס האט געפרוווט צו שאנד-מאכן דאס געטריישאפט און די ברויסע ליבע,וואס יידישע מאמעס ווייזן ארויס זייערע קינדער,האט געדארפט זיין מיט אונדז אין קעמפ,ווו איך בין ממש מיטגע-ריסן געווארן צוקוקנדיק דאס האלדזן און קושן פון די יידישע מאמעס און יידישע קינדער.קיין טיפערע,מער עמאציאנעלע איבערלעבונג האב איך נאך קיינמאל נישט געהאט.

אין שפיטאל

אינעם הויפט-אריינגאנג פון דעם גרויסן מאנטרעאלער שפיטאל "ראיאל וויקטאריא",געפינען זיך ביים סוף פון קאירדאר די אויטאמאטישע "עלע-ווייטארס",וואס פירן צום 8טן שטאק,ווו עס זיצט די אדמיניסטראציע פון "ראס פאווילליאן",ווו יעדער קראנקער קאנאדער וואס וויל נישט,אדער קאן נישט, ווארטן אויף א בעט אין "פאבליק ווארד",קאן קריגן נישט נאר א בעט נאר א גאנצן צימער פאר זיך אליין,אויב נאר ער וויל און איז בי-כולת צוצוצאלן 12 דאלאר א טאג,מחוץ די 140 דאלאר וואס די רעגירונג צאלט לויטן "מעדיקעיר אינשורענס".

אויף מיר איז געפאלן דער גורל דא צו זיין,וואס קיינמאל פריער וואלט איך עס נישט געגלויבט אז איך וועל דא וועלן האבן א דריסת הרגל.נאכן דערליידיקן די פארמאליטעטן אויפן 8טן שטאק,פארט מען נאך א מאל 4 שטאק העכער און דא איז שטיל,ריין און שיין.איך טרעף דא אויך א שרייב-טיש, שטול און לאמפ , אזוי ווי עמיצער וואלט פון פאראויס געוווסט,אז עס וועט אהער קומען א ייד וואס וועט וועלן פארצייכענען א ביסל איינדרוקן פון שפיטאל.

היינט איז זונטיק,דער ערשטער טאג וואס איך בין דא.פון מיין פענצ-טער זע איך געדיכטע ביימער,ווי א וואלד.פונעם שפיטאל בנין ביז צו די ביימער איז ארום 50 יארד שיין ארומגעשניטן גראז,באצירט מיט בלומען אין וואזאנעס און קאסטנס,אויך אויפגעשטעלט אויף טישן,צו מאכן שענער און אנגענעמער פארן אויג.אלץ,פון רעכטס און לינקס,אזוי ווייט ווי דאס אויג קאן נאר דערגרייכן,איז גרין און באשפרינקלט מיט די פארשיידנפארביקסטע בלומען.וועט אמאל קומען א צייט ווען אלע געזונטע מענטשן וועלן האבן אזעלכע פיינע וווינונגען און גערטנער ווי דא ארום שפיטאל?

איך בין ביז היינט שוין עטלעכע מאל געווען אין שפיטאלן און קיינער פון די פאציענטן האט מיר נאך קיינמאל נישט געזאגט,אז די פיינע אומ-געבונג מאכט אים פילן בעסער.קענטיק אז די שרעק פארן געזונט נעמט צו די פרייד פון שיינע לאנדשאפטן.אויב אזוי,צי וואס ווארטן ביז עמיצער וועט קראנק ווערן און ערשט דעמלט ארומרינגלען אים מיט שיינקייט,פאר-

וואס נישט פריער,ווען ער קאן דאס בעסער זען,פילן און זיך קוויקן דערמיט?

בין איך דא,הייסט עס,אליין,איז ווי גוט איז וואס איך האב מיטגעבראכט מיט זיך דעם לעצטן נומער פון "סאוועטיש היימלאנד",נומער 7 פון 1974,ווו עס איז דא די גרעסערע דערציילונג פון דער לעצטער וועלט מלחמה "פייער און אש" פון יעכיעל פאליקמאן,אין וועלכער ער שילדערט דירנדע סצענעס פון מסירת נפש און העלדנטאטן פון יידן און גויב.כאטש מיר האבן שוין אזוי פיל און אן א שיער איינצלהייטן געלייענט וועגן דער מלחמה,לייענט זיך די דאזיקע דערציילונג מיט אזויפיל אינטערעס,ווי דאס וואלט געווען דאס ערשטע מאל וואס מיר באגעגענען זיך מיט דעם געפאר-לעבן פון די מלחמה.אין לויף פון די געשעענישן דערציילט אונדז דער מחבר,אז זיין הויפט-העלד,ליאניע, באהאלט זיך אין א דייטשן קעמערל ביי א קראנקער לערערין און דארט געפינט ער א געשריבענע בוך,וואס פירט אים צו פארטראכטן זיך וועגן גורל פון מענטש. ער ברייננט דארט ווערטער,וואס מאכן אויף מיר,אין מיין איצטיקן צושטאנד, א באזונדערן איינדרוק.ער קומט צום געדאנק,אז קיינער איז נישט סתם דא אויף דער ערד,יעדער איז א רינג דורך וועלכן עס גייט דורך די אייביקייט.אויב די רינג רייסט זיך איבער איז עס נישט בלאט אזוי א צופאל,א קלאפ און נישטא ווי א פליג... מ'דארף זיך ראנגלען פארן לעבן און אויב מ'קאן זיך נישט העלפן און עס קומט דער טויט,מוז ער זיין אזא וואס זאל נארעכטיקן דאס זיין דיינס אויף דער ערד.קיינער פון די

באריממסטע;גרעסטע ווערט נישט פארגעדיינקט ווי אזוי ער איז געשטארבן,נאר וואס ער האט געזאגט און געטאן ווען ער האט געלעבט - דאס ווערט פאראייביקט.דעם גרויסער רבי עקיבא האבן די רוימער דערהרגעט.מיר ווייסן אפילו נישט ווי אזוי,אבער וואס ער האט געלערנט איז געבליבן און האלט זיך אויף יארהונדערטער.און אפילו אן איינפאכע פרוי,וואס האט נאר געקאכט,געוואשן, און אלץ אין די אייגענע פיר ווענט- וואס איז פון איר געבליבן? דאס פשוטע און גוטע וואס זי האט געטאן מענטשן,אייגענע,פרעמדע.וואס זי האט בערעדט און איבערדערציילט פון פריערדיקן לעבן,פון דעם וואס עס איז צו איר דערגאנגען פון עלטערע... אויב אפילו קיינער געדיינקט עס נישט

מער,מאכט עס אויך נישט אויס,אבי זי האט געטאן וואס איז אין דער מענטש-לעכער טבע.

אזעלכע שיינע ווערטער צו געפינען א זכות,א פולע באַרעכטיקונג פאר יע-דנס לעבן,בעפעלט מיר דורכאויס.עס וואלט זיכער נישט געווען אזא זאך ווי א מינדערווערטיקייט קאמפלעקס ווען יעדער זאל אויפנעמען די דאזיקע איינ-פאכע פילאזאפיע.אבער זע איך דא א געוויסע סתירה: צום ערשט זאגט דער מחבר אז מ'דארף ביים לעבן טאן אזעלכע מעשים טובים וואס זאלן בלייבן אויף איי-ביק און אויב מ'קאן זיך נישט אויסצייכענען ביים לעבן,מוז דער טויט זיין אזא,וואס זאל באַרעכטיקן זיין דא זיין אויף דער ערד,באלד דערנאך זאגט ער אז אפילו אן איינזאמע פרוי וואס טוט נאר איר ארבעט אין הויז,בלייבט נאך איר איבער דאס פשוטע און גוטע וואס זי האט געטאן.א מענטש איז נישט ווי א פליג וואס קריגט א קלאפ און ער איז מער נישטא... קענטיק,אז אין די מלחמה יארן האט זיך געפאדערט פון די מענער אז זיי זאלן נישט אראפלאזן די הענט,נאר ווי גבורים שלאגן דעם שונא.פון די פרויען האט זיך געפאדערט מיטהילף אין זייערע אייגענע היימען,אין זייער ראל ווי א פרוי און מוטער און דאס איז אזוי הויך אפגעשאצט געווארן פון י.פאליקמאן,און ער האט אזוי שטארק אונטערגעשטראכן זייערע גרויסע פארדינסטן.

און נאך א געדאנק,דאס מאל וועגן טאטע-מאמע.עס לוינט זיך צו געדענ-קען - אין שייכות מיט די מיאוסע פאטשקערייען פון א פיליפ ראטה - אז אין זעלבן נומער "סאוועטיש היימלאנד", זאגט הירש בלאשטיין אין א קאפיטל "זכ-רונות", אז אין דער יידישער דיכטונג איז שווער צו געפינען אפילו איינעם, וואס האט נישט באזונגען די מאמע בכלל און זיין אייגענע מאמע בפרט. און לידישער,הארציקער האבן עס געטאן די דיכטער פון דער ארעמשאפט. די מאמע האט אונדז בעהאדוועט,בעצערטלט,געלאשטשעט אויף איר אופן. אין יעדן קארגן בלעט פון אירע אויפגעלאפן-אדערדיקע הענט האבן מיר געפילט אז זי גיט אונדז אפ דאס איינציקע,דאס טייערסטע וואס זי פארמאגט,איר אייגן לעבן! ווער פון אונדז פארוואגלטע,דורך הונגער פארטריבענע עמיגראנטן אין די אמעריקעס,אפריקעס און אנדער איבערימיקע לענדער און קאנטינענטן האט

שרייבנדיק א בריוו אהיים צו דער מאמען נישט געוויינט? און נאך מער בעתן שרייבן א ליד ווענן איר...

איך די טאטעס האבן אונדז ליב בעהאט נישט ווייניקער ווי די מאמעס, נאר זיי האבן ווייניקער ווי די מאמעס בעהאט צייט פאר אונדז. די נויט האט שפעט ביינאכט זיי ערשט אפגעלאזן פון דער ארבעט און באגינען שוין צוריק איינגעשפאנט אין דער טאטשקע. זייענדיק זיי הארטער געווען ווי די מאמעס, האבן זיי אפטער געכאפט דעם רימען אין האנט, ווייל זיי אליין האט דאס לעבן גע-האלטן אין איין שמייסן. מיר האבן אבער אין דער אמתן ווונדערלעכע טאטעס בעהאט; טיף-ערלעכע, געטרייע. זיי האבן אונדז ליב געהאט מיט לייב און לעבן און געזארגט מיר זאלן ווערט זיין צו טראגן דעם נאמען מענטש. דער גרעסטער אומגליק איז געווען פאר זיי, ווען א קינד איז אוועק אויף שלעכטע וועגן, ערגער ווי געשטארבן...

אפילו דא אין שפיטאל, ווו דאקטוירים מעסטן 4 מאל א טאג מיין בלוט-דרוק און ווילן דורכאויס איך זאל זיין פולשטענדיק רויק, קאן איך נישט רוען פאר פארדרוס, פארוואס פיליפ ראטה זעט נישט די אויבן ציטירטע ארויסזאגונגען פון בלאשטיינען, וואס זייענען אזוי שיין און אמהדיק, און אפילו אין זיין נייעסטן בוך, וואס איז איצט ארויס, פאלט ער אלץ נידעריקער.

בעוואלט, יידן, פ א ר ו ו א ס?! _

# פון מיין ישראל טאגבוך

און אזוי איז עס געווארן מיין געוווינהייט ווען די צייטונגען ברענגען נייעסן וואס האבן א שייכות מיט יידן און יידישקייט, און איך פרעג זיך אליין צום טויזנטן מאל: למה רגשו הגוים? אזוי ווי די לעצטע וואך ווען מיר האבן געהערט אז דער פויפסט פון רוים האט אנגעשריבן א גאנצן טראקטאט ווענגן די קאטוילן און די יידן, וואס האט מיך געלאזט אבסאלוט גלייכגילטיק, ווייל קיינמאל אין מיין לעבן האב איך נישט גע-גלויבט אז גוים שלאגן יידן ווייל גלחים הייסן זיי. ווען די דייטשן האבן אומגעברענגט 6 מיליאן יידן האבן, דוכט זיך, די גלחים פון דער וועלט איינגענומען א שטומעניש, סיי די קאטוילישע, סיי די פראטעסטאנטישע און די פראוואסלאוונע. אין דער זעלבער צייט האבן דאך די אזויגערופענע אומ-גלויביקע, פראקלאמירט פאר דער גאנצער וועלט צו הערן, אז נאציזם איז א געשמאק זאך! ווי הערש דוד נאמבערג זאגט ערגעץ אין א ליד ז י י ר ו א י ק ה א ר ץ ---

און נאך א שטיקל נייעס האבן מיר געלייענט לעצטנס אז די אינדישע רעגירונג, אונטער דער אנפירונג פון אנדארא גאנדי, האט דערלויבט יאסיף אראפאט צו עפענען אפטיילונגען אין אינדיע. אויף דעם האט געזאגט אראפאט, אז דאס גיט אים א סך פרייד און צופרידנקייט. און אט אזוי ווענגן זיך די וואגשאלן פון יידישן לעבן ארויף און אראפ. ווער עס קאן בלייבן גלייכ-גילטיק נאכן לייענען די שווארצע נייעסן פון טאג, אייננעשלאסן די נייעס, אז אינדיע, וואס האט אזוי פיל מיליאנען מענטשן וואס שטארבן בוכשטעבלעך פון הונגער האט מסתם אויך צוליב אזוי זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צום קליינעם יידישן לענדעלע און ווענט פון היינט אן העלפן אירע ערגסטע שונאים --- איך הער איבער פאר זיך נאמבערגס ווערטער: זייר רואיק הארץ --- און לייען בלעטער פון מיין ישראל טאגבוך, אפשר וועט עס מיר און אייך ברענגען די מנוחה וואס די נייעסן פון טאג נעמען פון אונדז אוועק ---

עס איז געווען מיטוואך דעם 25טן אקטאבער 1972, ווען מיר זענען געפארן אין תל אביב און געזען דעם דענקמאל פאר די 56 מענטשן וואס

האבן אין אמאליקן יפו באשלאסן צו גרינדן א נייע שטאט אין צפון פון יפו און עס רופן תל אביב.איינער פון די 56 וואס איז געווארן מעיאר - דיזענגאף - האט נביאות געזאגט אז עס וועט זיך אמאל אנטוויקלען און ווערן א גרויסע שטאט פון אפשר 125 טויזנט.היינט זיינען דא אין תל אביב מיט פו (ווו עס זענען אמאל געווען 75.000 אראבער, היינט - נאר 7.000) ארום 450.000 איינוווינער און די שטאט וואקסט וואס א טאג אלץ מער - - -

מיר האבן געזען פלעצער אין אלט-יפו ווו די מויערן ליגן איינע אויף די אנדערע ,לויט דער לעגענדע שוין 2.000 יאר.אפילו אין א הייסן זומער טאג ווי היינט,ווען עס איז געווען 90 גראד,זענען דארט געווען שמאלע געסעלעך ווו עס איז געווען שטיל און שאטנדיק,ווען נישט די טוריסטן גלויב איך קוים אויב אימיצער וואלט זיך דארטן באזעצט - - - היינט זיינען דא קינסטלער גאלעריעס,ווו טוריסטן קויפן איין מאלערייען,קונסט ארבעט אין קופער און וואז.עס אין די טויזנטער,מיט פרעכטיקע בילדער אויף זיי אין אלערליי פארמען און גרויסן,עס פארכאפט דאס אויג די מזרח קונסט וואס איז אזוי אלט און דאך אזוי שיין.מיר גייען שטיגן ארויף און שטיגן אראפ,אלע ארייננגאנגן צו די הייזער און געשעפטן זענען געמאכט פון שטיינער און קיין ארייננגאנג איז נישט פירעקיק,אלע זענען האלב-רונדיק, באצירט מיט פיין שטיין,געמאכטע שניצערייען,קענטיק געבויט געווארן פאר אייביק.און ווער האט זיי געבויט? אין אלט-שטאט פון יפו זעט מען נישט קיין יידישע צייכנס אויף די ווענט,אויך נישט קיין צלמים.וויפל ציוויליזאציעס זענען דורכגעגאנגען דורך אונדזער אלט-נייַ לאנד? וועט מען אונדז לאזן רואיק בויען אונדזער אייגענע ציוויליזאציע?...

אויב יפו איז אלט און געבויט אן א פלאן און וועגן,זעט אויס אז קעמלען זענען געווען די מיטלען פון טראנספארטאציע דעמלט, איז דערפאר בת ים,גלייך ביים ארויספאר פון תל אביב,א העכסט מאדערנע שטאט,סימעטריש געבויט,מיט הייזער הויכע,מאדערנע,מיט גלאז פון אלע זייטן.ווען מען פארט פון אלט-יפו צו בת ים איז פונקט ווי איינער וואלט איינגעשלאפן פאר 100 יאר און זיך אויפגעכאפט אין בת ים אנשטאט יפו.אויך דער ארכי-

ווערסיטעט געפינט זיך אין בת ים און מען האלט אלץ אין בויען נאך און נאך געביידעס פאר דעם אוניווערסיטעט,אלץ אזוי ברייוח,וור נעמט אזא קליין פאלק די מיטלען צו בויען און זיך אנטוויקלען? האבן דאך דארט געלעבט מענטשן אזוי פיל יארן,האבן זיי געהאט אוניווערסיטעטן? אפשר געדענקט איך וואס עס דערציילט אונדז יעקב פאט ווי שווער עס איז אנגעקומען צו פועלן ביי דער פוילישער מאכט צו דערלויבן עפענען א וועלטלעכע יידישע - - מיטל-שול.

מיין הארץ וואקסט פון פרייד.מער וועלן מיר ביי די פוילישע "פאנעס" ניט בעטן! אין אונדזער אייגן ווינקל וועלן מיר בויען וויפל כוחות עס וועלן נאר סטאיען,מיט פרייד און שטאלץ.

דעם זעלבן מיטוואך זענען מיר געווען אין ראשון לציון.מיר זענען אראפ אין די וויין קעלערן,וואס זענען דעמלט געווארן 90 יאר אלט.מ'האט יעדן געבעטן טרינקען וויפל איינער וויל נאר,פון ווייגען 3 און 5 יאר אלט.ספעציעלע טישן מיט פלעשער וויין,בענקלעך צו זיצן געמיטלעך און הנאה האבן.און אזוי האב איך פארשריבן אין מיין ישראל טאגבוך: צי האב איך זיך אמאל אין מיין שענסטן חלום פארגעשטעלט,אז איך וועל פון פוילישן שטעטל פילעב אמאל קומען אין ראטשילדס וויין-קעלערן אין ישראל און דארט אומזיסט געבעטן ווערן צו פארזוכן און זאגן מבינות אויף ראטשילדס ווייגען? איידער דער טאג האט זיך געענדיקט האבן מיר נאך געמוזט (ווייל אזוי איז געווען דער רייזע פלאן) פארן זען ד"ר חיים ווייצמאנס קבר און מצבה - מיר האבן זיך אפגעשטעלט ארום 20 מינוט גאנץ פון פלאץ,גלייך פון שאסיי ליגן אויסגעלייגט שטייגערנע פלאטן אזוי אויסגעשליפן ווי מארמאר. מען האט אויך פארפלאנצט ביימער פון ביידע זייטן וועג וואס רופט גלייך ארויס אן אטמאספערע פון דרך ארץ.איידער מען קומט צום קבר,שטייט אויף א הויכער פלאטפארם א בראנז פארם פון א צעבראכענער ספר תורה,און די( זייט ווו מען גייט צום קבר געפינט זיך א גרויסער ליידיקער פירעק,ארומגעצוימט מיט א שטיינערנעם פלויט פון ניט מער ווי 2 פוס הויך,אויף וועלכן עס איז אנגעשריבן אין 3 שפראכן: יידיש,עבריה און ענגליש די טראגעדיע וואס האט געטראפן צו 6 מיליאן פון אונדזער פאלק - - - רעכטס

פון דעם פירעק פירט ווידער א וועג,א כיסל שמעלער ווי דער הויפט-וועג, דירעקט צום קבר.די ביימער פון ביידע זייטן בייגן זיך איינע צו די אנדערע,ווי זיי וואלטן געפורעמט אן אלטאנע צום הויפט-

צוגאנג.ווען מען גייט דורך דעם וועג אנטפלעקט זיך א גרויס פעלד,גלייך ווי א ווירע,ארום 500 קוואדראט פוס שיין געשניטן גראז און גלייך אנטקעגן זעט מען א נידעריקן שטיין,נישט העכער ווי 3 פוס,וור עס איז אנגעשריבן דער נאמען חיים ווייצמאן,די דאטע פון געבוירן און דער טאג פון טויט.אויף דער לינקער זייט איז אנגעשריבן דער נאמען פון זיין פרוי,געבוירן דאטע און אויך דער טאג פון איר טויט.קיין אנדערע ווער-טער איז נישטא דא אזוי גרויס און אזוי באשיידן.

נאך 2 טעג אין ישראל גייט מיין הארץ איבער פון פרייד,אז מיר האבן שוין אזוי פיל דערגרייכט.עס זענען דא מיילן מיט מיילן פלאץ,גלייך דא ארום תל אביב,וור מען קאן באזעצן יידן און וור מען וועט באזעצן יידן. בן גוריון האט לעצטנס געזאגט,אז מען דארף נאך 6 - 7 מיליאן יידן אין לאנד.אזוי וועט עס זיכער זיין און געלויבט און געבענטשט זאלן זיין די וואס האבן געברענגט דאס לאנד צום מצב פון היינט - - -.

## זאל רוים ברענען

ווי קאן עס א מענטש האבן א הארץ צו שפילן פידל ווען רוים ברענט?

די פראגע גייט מיר פון זינען נישט ארויס און זי קומט קאפויער זייער אפט אין שייכו מיט היינטצייטיקע געשעענישן.היינטיקע וואך איז עס געווען ווען מיר האבן געליינט אין די צייטונגען וועגן 2 באריטמטע ספארט-שפילער, מיטגלידער פון באריטמטן קאלעדזש קלוב "די לייענס",וואס זענען פארמשפט געווארן צו באצאלן 18 טויזנט דאלאר שטראף פאר זייער ברוטאלן שלאגן 2 אומשולדיקע קעלנער פון א רעסטאראן,ווייל זיי האבן געבעטן די ספארטסלייט צו ווארטן א ביסל פאר א טישל צום עסן.זיי זייענען ארײַן אין אזא רציחה אז זיי האבן גענומען ברעכן טעלער,טישן,שטולן א.א.וו. און האבן שיער נישט צום טויט דערשלאגן די 2 קעלנער,דאס אלץ פאר דער "חוצפה" פון הייסן זיי ווארטן...

די באשולדיקטע זייענען אפילו נישט געקומען אין געריכט,זיי האבן אפילו נישט געשיקט קיין אדוואקאט וואס זאל זיי פארטיידיקן,מסתם דערפאר ווייל עס איז זיי נישט אנגעשטאנען צו שטיין פנים לפנים מיט אזעלכע נעבעכדיקע מענטשעלעך וואס וועגן קוים 150 פונט,אין דער צייט ווען זיי זייענען גרויס און גראב און וועגן נישט פיל ווייניקער פון 250 פונט.איך האב שוין אמאל,דוכט זיך,דערמאנט אז די פאראינטערעסירונג און דער רעספעקט וואס עס קריגן ספארטסלייט אין קאנאדע שטייגט איבער פילפאכיק די וואס עס קריגן לערער,שרייבער,פילאזאפן און אנד. האט עס געקאנט געמאלט זיין אז איך זאל צופעליק זיך געפינען אין מיטן פון אזא אדער ענלעכע סיטואציע און פארשטייט זיך,אזוי ווי איך שטאם פון דורות בטלנים,אונטער דעם איידן-זיצער,וואלט איך מסתם אויפן ארט געזאגט צו די גרויסע,די גראבע ספארטסלייט,אז שלאגן א שוואכן,א הילפלאזן איז גאר נישט ספארטמעניש. נו,ווי דענקט איר,איך וואלט ארויס פון דארטן מיט גאנצע ביינער? איינער וואס איז דארט בייגעווען האט טאקע אזא באמערקונג געמאכט און... א ווילדער אקס האט נישט געקאנט מער ברוטאל אנפאלן ווי דער ק א ל ע ד ז ש מאן איז אנגעפאלן אויפן צופעליקן עדות...

געליינט האב איך אט די אלע דעטאלן שפעט ביינאכט.די נעמען פון די אנפאלער און די באפאלענע קען איך נישט,אבער די גרויזאמקייט איז אזוי

שרעקלעך אז איך האב זיך (איך שעם זיך נישט עס מודה צו זיין) צעוויינט און בשעת מעשה געטראכט,ווען רדים וועט ברענען וועל איך אויך פידלען... אויב איך וועל פרווון לעשן וועט אפשר עמיצער אויך מיך אין פייער אריינ-ווארפן.נעראן האט געקענט זיינע אונטערטאנען - - -

אבב וואלט אפשר כדאי געווען צו מאכן א פארגלייך צווישן יענע היינטערן אידוון זיצער און הינטערן אידוון פאליטיק מיט די הייננטיקע אויבן אן זיצער און נעבקל פאליטיק - - - ווי האבן מיר געמאכט חוכא ותלולא פון יענע עלטערע יידן וואס האבן נאך א לאנגן שווערן לערנען זיך געקומען ווארעמען זיך ביים בית המדרש אידוון אין די לאנגע ווינטער נעכט און דערביי גע-טיילט זיך מיט זייערע ליידן און פריידן מיט נאך יידן ווי דיי.אמאל האט מען געהערט א מער געלערנטן ייד לערנען א בלעטל גמרא,א פרשה חומש,קיין קארטן האט מען דארט נישט געשפילט און קיין מיאוסע ווערטער נישט גענוצט. דאס גרעסטע פארברעכן וואס מיר האבן זיי פארגעווארפן איז געווען זייער בטלנות,זייער נישט קענען און נישט פארשטיין די גרויסע וועלט.היינט, מער ווי 50 יאר ווי עס האט זיך געענדיקט יענער פעריאד פון הינטערן אידוון און מיר געפינען זיך אין א פעריאד פון אידוון-אן זיצער,און אנשטאט הינטערן אידוון פאליטיק האבן מיר היינט נעבקל פאליטיק,און איך זאג עס נישט מיט ביטול,ווייל איך מיין עס אויך די פאלקס מענטשן פון דער גרויסער וועלט צו וועמען מיר האבן אזוי ארויפגעקוקט.האנדלען זיי אלע אזוי קלוג,אזוי פארגעשריטן ווי מיר האבן געמיינט דעמלט ווען מיר האבן אזוי געלאכט פון די הינטערן-אידוון יידן?

איז עס נאר א צייטווייליקער פעסימיסטישער מוט וואס האלט מיך אין קלעם,אין שייכות מיט די האנדלונגען פון די פעלקער פון דער גרויסער וועלט,אבער ווידער און אבער קומט עס מיר אין זינען ווען איך דערמאן זיך ווי נאיוו מיר זענען געווען ווען מיר האבן דערווארט די גרויסע הילף פון דער גרויסער וועלט ארויס,פון די צארישע קאטראפן,איז עס געווען אן אונטערן אידוון אילוזיע,אז עס קאן גארנישט געמאלט זיין קיין אזוי געפערפענע ארבעטער מאכט סאטראפן.בעווין האט געוויזן אז א חוץ

צארישע סאטראפן זענען נאך דא אנדערע,אפשר נאך ערגערע - - - דערפאר זאג איך ווידער,ווען רוים - דאס מאל סימבאליש דאס ווארט רוים פארן ווארט וועלט - וועט ברענען וועל איך פידלען פונקט ווי נעראן - פונקט ווי נעראן -

און אז מיר האלטן שוין אין רעדן וועגן דעם ענין - איך און די וועלט - וועט דא אפשר זיין ריכטיק צו דערמאנען ש.מילערס עסיי אונטערן נאמען "א לעק זאלץ", פארעפנטלעכט אין "די גאלדענע קייט" נומער 22,אין יאר 1955.די ערשטע שורה פון זיין עסיי הויבט זיך אן מיט די ווערטער - האט די שיינע ליטעראטור א ווירקונג צום בעסערן? ער קלערט אויף אז מיט די ווערטער "שיינע ליטעראטור" מיינט ער נאר דאס ליד,די דערציילונג,דעם ראמאן,און טיילווייז די דראמע, - און ער זאגט,אז מיט דעם ווארט "וויר-קונג" מיינט ער בוכשטעבלעך,אז נאכן דורכלייענען די ביכער האבן די מענטשן זיך געביטן און זענען געווארן גאר אנדערש,פיל בעסער,אלץ אדאנק די געלייענטע ביכער - - ער מאכט א חשבון אז דעמלט האבן געלעבט אויף דער וועלט 2 ביליאן מענטשן,א העלפט פון זיי מעג מען גלייך אראפנעמען ווייל זיי זיינען אנאלפאבעטן,פון די איבעריקע טויזנט מיליאן איז אפשר דא צען מיליאן וואס לייענען שיינע ליטעראטור.צוליב שלום וועגן דארף מען דעם ציפער כפלען און זאגן צוואנציק מיליאן,וואס מיינט 1 פראצענט פון דער מענטשהייט.לאמיר אננעמען אז דער איינער פראצענט איז באווירקט געווארן צום גוטן פון דער שיינער ליטעראטור,פרעגט זיך וואס איז מיט די איבעריקע 99 פראצענט? זענען זיי ערגערע מענטשן בלויז דערפאר ווייל זיי האבן נישט פארזוכט פון אט דער זעלטענער פרי וואס הייסט שיינע ליטעראטור?

די גאנצע עסיי האט 14 געדיכט באשריבענע זייטן און עס איז א גרויס פארגעניגן צו לייענען ווי אזוי א טאלאנטפולער שרייבער איז מבטל זיין אייגענע קונסט.ער קומט צום אויספיר,אז ליטעראטור איז נישט מער ווי א לעק זאלץ,עס מאכט דאס לעבן אנגענעמער,געשמאקער.ער זאגט,אז ער שרעקט זיך נישט אז די מענטשן וואס האלטן א וועלט פון דער קראפט פון ווארט וועלן זיין זאלץ הנחה אנרופן ביטער-זאלץ.ער פילט אבער אז ער האט די

שיינע ליטעראטור נישט דעגראדירט,ער האט די בלויז ארויסגעשטעלט אויפן ריכטיקן פלאץ וואס זי פארנעמט אין אונדזער לעבן - - -

און דער קינסטלער,דער שרייבער,איז ער דאס זאלץ פון דער ערד? דאס זאגט מילער איז אן ענין פאר זיך און מיט דעם פארענדיקט ער - - -

די גאנצע צוואנציק יאר,זייט דעמלט,האלט איך נאך און בין זייער נייגעריק צו לייענען זיין מיינונג וועגן די שרייבער אליין.איך טראכט אלץ; צי מוז א שרייבער,א קינסטלער,א מאלער,אן אראטאר,א פילאזאף,ווייזן א ביישפיל מיט זיין אייגענע פערזאן,אז ער פארמאגט אלע מדות טובות אזוי אז עס זאל ביי קיינעם נישט בלייבן קיין ספק אז זיי זיינען עס טאקע דאס זאלץ פון דער וועלט.אדער מעגן זיי אפשר אויסלאדן זייערע מעלות אין זייערע ווערק און בלייבן קליינלעך,גראשנדיק,טעמפ אין זייער פריוואטן לעבן און אויפפירונג?

לעצטנס האב איך גאר געלייענט וועגן א יידישן שרייבער וואס איז ארומגעגאנגען איבער די רעדאקציעס מיט א זאק אויפן אקסל,ארעם און פארביטערט.עמיצער האט אים גערופן,געוואלט העלפן,אבער ער איז שטיל ארויסגעגאנגען. און אזוי האב איך באשלאסן פעסט ביי זיך,איך וועל נישט פארלאנגען פון קיין מענטשן קיין פליכטן,קיין פאראנטווארטלעכקייט,ער האט עס מסתם געהאט מער ווי גענוג,ווען ער האט באשלאסן צו פידלען ווען רוים האט געברענט.

ר זאלן מיר שווייגן?

נעמט אראפ די היטלען, מיר גייען רעדן וועגן די העלדן פון דער פראנ-צויזישער רעוואלוציע! אזוי האט זיך אנגעהויבן א בראשור וואס אימיצער האט מיר דערלאנגט מיט עטלעכע און פופציק יאר צוריק. די ווערטער זיינען מיר פארבליבן אין זכרון עס היום, ווי א ביישפיל, אז איידער מען גייט רעדן וועגן העלדן מוז מען זיך פריער אריינברענגען אין א געהעריקע שטי-מונג. יעדן אפריל ווען יידן פארזאמלען זיך צו רעדן וועגן ז ע ק ס מ י ל י א ן מ א ר ט י ר ע ר, זיינען דען די ווערטער וואס זאלן ווי געהע-ריק אויסדריקן אונדזער צער; אונדזער ווייי? ווערט עס נישט צו שנעל פארוואנ-דלט אין א רוטינע פארשטעלונג, מיט לאנגע רעדעס און געזאנג, פונקט ווי פארא-יאר און פאר צוויי יאר! אפשר וואלט מען געדארפט איינפירן א מנהג, אז מען זאל ביי אזעלכע פארזאמלונגען נאר צוזאמען שווייגן? אויף איינע אזא נאך-מיטאג טרויער פארזאמלונג, ווו מענטשן זיינען געווען שיין געקליידט, אויס-געפוצט אזוי ווי צו אלע שמחות... האט הערץ גראסבארד געלייענט בלאטשטיינס זאג "אז די תורה האבן מיר געבומען אין סיני און צוריקגעגעבן אין לובלין" האט דאס געזאלט זיין דעם גרויסן דיכטערס פארצווייפלטער פראטעסט און אויסגעשריי קעגן דעם בורא עולם, האב איך אבער קיין ווידער-קול פון גרויסן עולם לגמרי נישט געזען.

איז עס אפשר מיין שולד? אפשר בין איך נאר קורצזיכטיק ביים אפשאצן די רעאקציע פון דער מאסע צום ארויסגעקרעכצטן ווארט - - -

מיט א וואך צוריק איז אין מאנטרעאל געווען דער סעקולערער ד"ר באקס און ער האט בעלערנט מיט אונדז א נייע פרשה יידישקייט, געבומען, זעט אויס, פון לובאוויטשער, אז זייט אוישוויץ איז מער נישטא קיין אונטערשייד אין פרומע אדער פרייע יידן, אז ווייל א מיידעלע פון ביין יאר האט געפרווווט גנבענען עטלעכע קארטאפל אויף וועלכע זי זאל קאנען ליכט בענטשן אין אויש-וויץ, האט זי דערפאר געקריגן פופצן שמיץ, מוז יעדע יידישע פרוי און אפילו מיידלעך פון ביין יאר, בענטשן ליכט.

איז ד"ר באקס נאך א באווייז פון א וועלטלעכן ייד וואס איז איצט אויף די עלטערע יארן געווארן רעליגיעז, אדער איז עס

טאקע ווי א רעאקציע קעגן דעם לת דין ולת דיין פילאזאפיע פון הימלען
ליידיקע?

איך מיינע מחשבות וועגן ווייטערדיקן גורל פון יידן, וואס איז אונדז
אלעמען אזוי שטארק נוגע, ווענדע איך מיין בליק אויף צוריק און פרווו
פון דארט עפעס לערנען - - -

ביז היינט שטייט מיר פאר די אויגן די אויסגעגראבענע שול פון מסדה
וווּ די פארטיידיקער פון די פעסטונג, נאכן אויסהאלטן די באלאגערונג פאר
דריי יאר און זעענדיק אז די רוימער האבן דורכגעבראכן די וואנט, האבן זיי
דעמאלט באשלאסן בעסער באגיין זעלבסטמארד איידער לאזן זיך אויסהרגענען
אדער אפילו גיין אין געפאנגענשאפט. לויט ווי מיר ווייסן פון יאסעפוס
פלאוויוס האבן די רוימער אויסגעשריגן: ווי גרויס איז געווען זייער ליבע
צום אייגענעם לאנד און ווי העלדיש זיינען זיי געשטארבן!

איך, אבער, טראכט, היינט אין אפריל, אין די יארצייט טעג פון אונדזערע
לעצטע מסדהס, אז זעלבסמארד איז לגמרי נישט קיין יידישער וועג; פארקערט,
פאלן אין קאמף איז דער ענטפער אזוי ווי זיי האבן עס געטאן אין ווארשעווער געטא. איך קאן קוים גלויבן אז א מאסע פון טויזנט מענטשן, וואס
זיינען דארט געווען איינגעשלאסן, פרויען און קינדער, אז אלע זיינען געווען
איינשטימיק, אלע מיט איין דעה זיך אליין צו טויטן, האט דער לעבנס-אינסטינקט נישט פראטעסטירט, נישט רעוואלטירט ביי קיינעם פון זיי?

ווי אנדערש האט בעזעען דעם גורל פון פאלק אין זיינע מאטערנישן אט
ערשט אין 1941, ווען דער האלבער מיליאן יידן אין ווארשע זענען שוין אלע
געווען אין געטא, דעמאלט האט דער קדוש יצחק קאצענעלסאן אנגעשריבן זיין
טראגעדיע אין פיר אקטן - על נהרות בבל - וווּ אויף א פארשטעלטן אופן
האט ער געפרווט ברענגען טרייסט און דערמוטיקונג. ער האט, הייסט עס, גאר
געשילדערט געשעענישן פון אמאל, פון ביבלישע צייטן, אבער אלע האבן זיין
מיין פארשטאנען, אז די נעמען און סיטואציעס זענען נאר א משל אויף די
געגענוואַרט. און ער ווייזט דארט גלייך ביים ערשטן אקט, ווען יידן זיצן
ביי די טייכן פון בבל און האקן זיך אפ זייערע פינגער זיי זאלן נישט

דארפן שפילן ציונס לידער אויף פרעמדער ערד.ווען איין ייד רייסט זיך ארויס פון דער מאסע און ער וויל לויפן צום טייך זיך קרינקען,ווען ער הערט די מאסע זינגען דאס טרויער ליד:

א,טייכן פון בבל; א, מעכטיקע טייכן!

צי האט אונדזער אומגליק,צי האט ער זיין גלייכן?

גלייך דערשיינט דער אלטער שמעיה און זאגט צום ייד וואס האט געוואלט זיך טויטן: ניין,איר וועט נישט אנטאן מערער אייער גאט די שאנד... יידן לייגן נישט אויף זיך אליין א האנט.גאט הייסט אייך אלעמען לעבן - פאלג,א,שווערט מיר צו!

לעב אין ווילטאג און פריי מיט אלע רעכט,

צי אין דער פרעמד פארקנעכט,לעב! לעב!

זיי פריי אין אייגן לאנד - - -

צי ביי דעם פיינד אין שאנד, לעבן! לעב!

זאלסט לעבן, פאר א ייד איז א געבאט!

די טראגעדיע וואס מען האט זיך געקליבן אויפפירן אין געטא האט אויך געהאט א פאר שפוך חמותך ווערטער געוואנדן צו בלס טאכטער: זיי פארשאלטן! - שרייט אויס שמעיה - האסט אויסגעפלינדערט די געצעלטן מיר, רויבערין,וואס דו ביזט! ווויל דעם וואס וועט באצאלן דיין פארגעלטונג, דיר וואס דו האסט אונדז אלעמען פארגאלטן! ווויל דעם וואס געבן וועט א נעם דיינע קינדער קליין און צעשמעטערן אלע זיי אין א פעלדזנשטיין!!!

אזוי האט אויסגעשריבן אונדזער ווייטאג,אונדזער בראך,דער מארטירער יצחק קאצענעלסאן.די טראגעדיע ענדיקט זיך מיט א סצענע ווי מען פירט יידן דורך ברייט-צעעפנטע טויערן צו א פינצטערן תהום,אבער דער נביא יחזקאל שרייט אויס: שטיי מיין פאלק! און ער זאגט זיין נביאות,אז אלע טרוקענע ביינער וועלן לעבעדיק ווערן,און כ'וועל אייך ברענגען א ל ע אומגעשטערט אויף ישראלס ערד!

און דאס איז ,דוכט זיך, מיר;א+ טרייסט און א פארגעל-טונג פאר אלע בייזע שלעק פון אלע צייטן און פון אלע גלותן.די האפע-נונג צוריק צו קומען קיין ציון און ירושלים לעבט ביים פאלק פון אייביק

אן.די וואס וועלן פארפירן דאס פאלק מיט דעם סיר הבשר פון גלות זיינען פארעטער פון יידישן פאלק און דאס,דוכט זיך מיר,איז נייטיק צו באטא-נען בעת אונדזערע טרויער פארזאמלונגען.אויב עס איז געבליבן קונסט,טא-לאנט,באגאבונג,לאמיר עס נישט צעטיילן איבער אלע ווייבגערטנער און אונדזער אייגענעם נישט אפהיטן!

מעג איך דא צוגעבן עטלעכע ווערטער וואס זענען כמו א התנצלות מצד המחבר; כ'בין נאך אלץ נישט זיכער,אויב איך האב זיך קלאר געמאכט אויפן פאפיר געגוי וועגן וואס עס האט מיך געהאלטן צוגעבונדן צום טיש כמעט א גאנצן חודש.כ'האף אז א ביסל וועלן פריינד אויסקלארן.ווער ווייסט,אפשר וועל איך אליין מער קלאר זיך קאנען אויסדריקן.אזוי ווי דא האט זיך עס געהאנדלט וועגן עיקר זאכן,מוז מען,פארשטייט זיך,צולאזן א ביסל שווערע עברי.

זייט איך געדענק, פון מיינע פריעסטע יוגנט יארן אן, האבן די נאבעל און אנדערע פרייזן פאר ליטעראטור, ארויסגערופן ביי מיר דעם גרעסטן אינטע-רעס, און דער נייגיר איז נישט געווען דורכאויס צוליב דעם איך זאל אויס-קלויבן די ביכער וועלכע זענען פרעמירט געווארן. עס איז פאר מיר אלע מאל געווען א געשעעניש, ווייל ביים אננעמען דעם פרייז האבן די שרייבער אלע מאל אין ווייניק ווערטער געזאגט איהאלטסרייכע געדאנקען, און אזוי ווי, באט צו דאנק, אונדזער יארהונדערט איז אנגעשטאפט מיט פראבלעמען ווי א מילגרוים מיט קערנדלעך, האב איך אלע מאל דערוואַרט צו הערן ענטפערס צו אלע געגעבענע פראבלעמען וואס האלט אונדזער וועלטל אזוי געשפאנט, אדער ווי אנדערע רופן עס "טענס". פון ווענען דען, אויב נישט פון די גרעסטע שרייבער פון יאר?

צום באדויערן האב איך איבערגעלעבט א גרויסע אנטוישונג ווען יידן האבן קוים מיט צרות זיך דערלעבט צו קריגן דעם נאבעל פרייז פאר ליטעראטור איז עס נישט געווען פאר א ווערק געשריבן אין יידיש, נאר פאר 2 גאנץ באזונדערע שרייבער: ש"י עגנון, וואס האט געשריבן אין העברעיש, און נעלע סאקס, וואס האט געשריבן דייטש. און ווען עגנון האט זיך אויפ-געשטעלט רעדן האט ער מער גארנישט געהאט וואס צו זאגן, נאר דערמאנען אז לויטן יידישן מנהג איידער מען זעצט זיך צום טיש מיט עמיצן, מוז מען וויסן פון ווענען ער שטאמט. דערפאר האט ער אויסגערעכנט ווער עס איז געווען זיין טאטע, זיידע א.א.וו. דאס אלץ! דאס פנים ברענט מיר נאך פון חרפה וואס א מענטש ווי עגנון האט נישט א ווארף געגעבן א פייערדיקן ווארט, וואס זאל אנצינדן א ווארעמקייט און א טרייסט צו די מיליאנען פון דער וועלט, וואס זענען אזוי אויסגעהונגערט נאך א ווארט פון א גייסטיק און א טיף גייסטיקער פערזענלעכקייט. פיל מאל האב איך געפרוווט אנשרייבן א רעדע וואס לייוויק וואלט ביי אזא געלעגנהייט געזאגט, אבער צו וואס?

היינט בין איך ווידער מיטגעריסן געווארן מיט א דאנק-רעדע צו דער געלעגנהייט פון באקומען א פרעמיע. דאס מאל פון אונדזער בן עיר און פריינד שלום שטערן. ער זאגט דארט אז עס זענען מער גארנישט מחדש די

שאבלאנע וואריאציעס פון די קדושה-און-אהבת ישראל לידער.עס איז א סימן אז מען האט זיך ארויסגעטריסלט פון דער אייגענער וועלט פון אידעאלן - - - ווייטער זאגט ער,אז מיר איז מער ניחא אפילו שוואכע אנשטרענגונגען צו שילדערן דאס יידישע און אלגעמיינעם לעבן אין קאנאדע און אמעריקע,ווי די גאנצע פארפלייצונג פון דער כלומרשט פארפרומטער ליריק.דעריבער זאגט אונדז פריינד שטערן,איז מיר אזוי נאענט י.י.שווארצס "קענטאקי". ער האט אויפגעשטעלט א בנין לדורות.שווארץ און א.ראבאי,זיי זיינען יידישע אמעריקאנער שרייבער,נישט נאר שרייבער אין אמעריקע!!!

פארן חורבן האבן מיר צו לאנג געקוקט לעבר הים,צו די שעפערישע ישובים אין פוילן,ליטע און סאוועטן פארבאנד.די בענקשאפט צו דער היים האט נישט געדארפט זיין קיין אבן נגף צו דערזען דאס אויפקומען אין אמעריקע און קאנאדע פון א יידישן לעבן אין אן אנדער פארם.אין קורצן הייסט עס,לויט ווי איך לייען ארויס פון צווישן די שורות פון שלום שטערנס טעזיסן,אז עס דראט א געפאר פאר דער יידישער ליטעראטור,אויב זי וועט נישט פארגעסן די פארגאנגענהייט און זיך מער אריינטאן אין דער קעגנווארט.

פארשטייט זיך,אזוי ווי שטערן איז א סאציאליסט און שרעקט זיך נישט אפ פארן ווארט קאסמאפאלים,וואס איז פאר א צייט געווען טריף אין געוויסע קרייזן,מוז ווייטער יעדער פראגרעסיווער שרייבער זיך בייסטיק פארבינדן מיט די ארעמע קעמפער פון דער וועלט,און ער פארענדיקט,אז עס באוויזן זיך האפענונגען,אז יידיש וועט ווייטער לעבן און ער ווינטשט אזוי שיין, אז גערעכטיקייט זאל אנהייבן הערשן ביי יעדן פאלק און עז זאל זיין שלום על עם ישראל בארץ ישראל און אויף אלע יידן זאל זיין שלום און יום-טוב. נון, ווער וועט עס נישט מסכים זיין צו אזעלכע גוטע ווונטשן?!

איצט קומען מיר צו דער פראגע פון אפזונדערן זיך - - -

צי איז אייך באקאנט א פעריאד אין דער יידישער געשיכטע ווען מ'האט יידן זיך געלאזט אויסמישן מיט דער באפעלקערונג ארום,זייט דעם צווייטן חורבן, און יידן האבן זיך דערפון אפגעזאגט? אויב מען האט זיי נישט פארטריבן פון לאנד האט מען פאר זיי געטאס געשאפן. ווען אלע פעלקער פון דער וועלט האבן געהאט אייגענע לענדער האט מען יידן ווי ציגיינער

בעטריבן.ווען די פרומע קריסטן האבן מיט געוואלד זייער גלויבן פאר-
שפרייט,האט מען די יידן אין די קעלערן פון די אינקוויזיציעס געשלעפט
און אויף שייטערהויפנס זייערע לייבער געברענט.ווען זיי האבן יעזוסעס
קבר פון די מחמדאנערס העגט געבאנגען אויסלייזן,וויפל יידן זענען
דעמלט קרבנות געפאלן? ווען די רוסן האבן זייער צארישע ארדענונג בא-
פעסטיקט,האט מען די יידן נישט געלאזן ווערן ערד-אייגנטימער; אין די
אוניווערסיטעטן האט מען נאר געשמדטע אריינגענומען.קאן איך דא דערמאנען
וואס נאך: דער גרעסטער פאעט אין פוילן איז געוועזן ביז צום חורבן,ווער?
יוליאן טובים.און עס זענען דא עדות,אז קיינער פון די פוילישע שרייבער
האט נישט געמאכט קיין שום פרווו צו ראטעווען יידישע שרייבער פון געטא
ווארשע.ליבער פריינד שטערן! וואס איז געווארן פון י.י.שווארצס היימישן
ייד? ער ווערט פארוואנדלט אין א "דזשאזש".זיינע קינדער האבן חתונה מיט
גויים.ער אליין ווערט פארגרעבט.אמת,ער ווערט רייך,אבער זיין איינציקע
טרייסט איז זיינען אן איינקל, א ייננגל פון א געמישטער חתונה,וויל נאר
ווערן א פארמער,נישט קיין סוחר אדער א דאקטאר.איז ער א מוסטער טיפ?
מיינט שלום,אז יידן אין אמעריקע דארפן ווערן פארמער? אדער אפשר זאלן
זיי אבשטאט שטודירן און ווערן פערזענלעכקייטן,זאלן זיי בעסער גיין
ארבעטן אין פאבריקן און ווערן טאג-לוינער גאר אויפסניי,כדי צו בלייבן
נישט אפגעזונדערט.דער פאקט איז,אז די מערהייט פון די ייחטע שרייבער
וואס שרייבן אויף ענגליש,האבן גאר פארשעמט דעם נאמען ייד און האבן
גאר אריינגעברענגט מיאוסע שונד ווערק אין דער אמעריקאנער ליטעראטור,
נישט אמת?

אפשר קאן אונדז פריינד שטערן אויפקלערן וואס ער מיינט מיט די ווער-
טער "כלומרשט פארפרומטע ליריק"? מיינט ער אז אלע אהוץ איב זענען היפא-
קריטן און נאר ער איז דער צדיק אין סדום? איך ווייס נישט ווער עס וועט
זיך פילן געטראפן,אבער צו נוצן אזעלכע דראסטישע ווערטער,האט ער אוודאי
געהאט אימיצן אין זינען - - -

און אויב עמיצער קומט ארויס היינט מיט נייע אייגנצלהייטן און אויף
א נייעם שטייגער וועגן די גרויסע טראגעדיעס וואס האבן געטראפן מיט

35 יאר צוריק,מיינט דאס אז ער איז נאר אן אימיטירער,און דערציילן וועגן "דזשאזש" איז וויכטיקער ווי דערציילן וועגן חיים שלמה און ברוך? וואס וועט איר זאגן וועגן נתן זאבארעס נייעס ווערק,וואס גייען צוריק עטלעכע יארהונדערטער?

אויב מיר מוזן זיך נאר באגרענעצן מיט דער היינטיקער צייט וועט עס אויסקומען,אז אין א נאוועלע וועגן יידישן לעבן אין היינטיקן רוסלאנד, וועט דארפן פארנעמען א גרויס פלאץ א העלדין פון די נייע בירא בידזשאן, וואס האט זיך אויסגעצייכנט אין אויספאשען די פעטסטע חזירים,נײַן? און פארוואס פארגלייכט איר פוילן,ווו עס זענען איצט דא ווייניקער ווי 10.000 יידן מיט סאוועט רוסלאנד ווו עס געפינען זיך נאענט צו 3 מיליאן יידן,קאנען מיר פון דארט שוין מער גארנישט דערוואַרטן? איצט, אויב מיר זאלן אזוי געטריי נאכגיין אלץ ארום,ווייסט איר אז מען פאר-מעסט זיך מצד די פראנצייזן,וואס זענען די מערהייט ארום ארנדז,איינצו-פירן געצוווּנגענע היסטאריע לעקציעס אין אלע שולן פון קוויבעק,אנהיי-בנדיק פון די פריע קלאסן,פון ניבער ווו די סעפאראטיסטן וועלן ווערן געשילדערט ווי העלדן?

אפשר האב איך שלעכט בעלייענט אדער שלעכט פארשטאנען,זייט מיר מוחל, מסתם האבן נאך פרייבד געהאט וואס אויסצוזעצן,סיידווי דארפט איר וויסן, אז מענטשן לייענען און ווילן פארשטיין.

# ל ה ב ד י ל

מיט א פאר וואכן צוריק,צוזאמען מיט א פאר און דרייסיק עלטערע מענער און פרויען,ביי דער געלעגנהייט פון לייענען א פאר קאפיטלען פון יידישער ליטעראטור (דאס מאל "די עגונה" פון חיים גראדע),און געפינענדיק זיך אין א גוטער שטימונג,האב איך פון פרעזידיום טיש געוואגט צו מאכן א באמערקונג בקול רם,אז דער חכם עתיק טשערטשיל האט געזאגט אז די ענגלענדער האבן געהאט זייער "פיינעסט אער" ווען זיי האבן מיט וויניק געווער זיך קעגנגעשטעלט דעם שונא; פאר מיר איז גאר די "פיינעסט אער" ווען מיר זיצן אזוי געמיטלעך ביים שבת-צו-נאכטיקן טיש איינגאנצן אן געווער און לייענען אומגעשטערט פון קיינעם... בלעטער פון דער יידישער ליטעראטור - - דעמלט איז עס געשען,אז דער פארזיצער פונעם זעלבן פרעזידיום טיש,אן עלטערער באלעבאטישער ייד,איז געווארן אין כעס און האט געשריגן,אז ער האט געהערט ווי איך האב באנוצט אזא ווארט ווי ל ה ב ד י ל וואס איז שוין לאנג טאבו און עס פאסט זיך גארנישט אז מיר פראגרעסיווע מענטשן זאלן נ צן אזא אלט-מאדיש ווארט - - - - -

איך האב ביז איצט נישט געהאט די געלעגנהייט דעם יידן צו בארואיקן און פרעגן אים,ווי קומט עס וואס עס זענען נישט געקומען קיינע פארשטייער פון דער סאוויעטישער ליטעראטור צום אלוועלטלעכן פ.ע.נ. צוזאמענפאר אין ישראל,אפגעהאלטן לעצטנס,און אויך קיין מלוכה אונטער זייער איינפלוס האט קיינע פארשטייער נישט געשיקט,מיינט עס,אפשר,אז זיי גאר האבן געזאגט ל ה ב ד י ל? און ווו זיינען אהינגעקומען די פארשטייער פון דער יידישער ליטעראטור אין בירא בידזשאן,וואס אנדערע מיינען נאך אלץ אז דארט איז דא א ריינער יידישער ישוב? צום באדויערן אבער עקזיסטירט דארט נישט אפילו איין יידישע שולע- - -ווער האט דארט געזאגט להבדיל?

עס איז א מערקווירדיק פראבלעם: די פירער פון ביסל לינק-געשטימטע יידישע אנהענגער בעטן זיך ביי די קעגנערישע ריכטונגען נישט צו גיין אליין,אויך זיי ווילן ווערן איינגעשלאסן אין די אקטיוויטעטן פון כלל ישראל,ווייל זיי האבן זיך אליין פאראורטיילט צו איינזאמקייט,ווען זיי האבן געמיינט אז זיי וועלן געפינען פריינד צווישן די לינקע עלע-

מענטן פון די פעלקער - - -

וואס עס איז אבער געשען איז בעוועך אזא הימל שרייענדע עוולה,אז איין בלוטיקער דיקטאטאר פון מעכטיקסטן לאנד אין דער וועלט האט דער-הרגעט מיליאנען פון זיין אייגן פאלק און האט אויך דערמארדעט זייבע געטרייעסטע יידישע אנהענגער.ווי פארשעמט.זענען געבליבן די היגע פירער ווען עס איז באוווסט געווארן וואס עס איז דארטן געשען.ווי אזוי מא-נעווורירן זיי דאך צו זאמלען פאנדן פאר זייער אייגן קליזל? צי זענען זיי ביים היינטיקן טאג מודה,אז יעדער ייד וואס ווערט פון רוסלאנד ארויס-געראטעוועט איז פונקט ווי מען ראטעוועט איינעם פון פייער? דער 6 מיליא-ניקער יידישער ישוב אין די אמעריקעס,סיי פרומע,סיי פרייע,האפן מיט אלע כוחות נישט צו פארלירן אונדזערע אייגענע ברידער און שוועסטער,און איר רעדט וועגן וועלט-באפרייאונג? מיר קערן זיך אום צו יענע טעג ווען אחדות ביי יידן אליין וועט זיין די גרעסטע אויפגאבע.דער היינטיקער דור, דערציגן מיט דער אילוזיע פון פארווירקלעכן דעם סאציאליזם ביי אונדזער לעבן,וועט אויסשטארבן.אפשר וועט אויפשטיין א נייער דור וואס וועט אנדערש צוגיין צום סאציאלן פראבלעם - - - די קינדער פון די היגע לינקע נעמען סיידוי נישט איבער די לייצעס ווי זייערע עלטערן האבן געהאפט.

ווען מען װעט אן אסימילירטן ייד דא הי צו קויפן באנדס פאר ישראל, פארשטייט ער עס גלייך,אבער זאל מען דעם זעלבן ייד זאגן ער זאל געבן געלט ארויסצוגעבן די "מארגן פרייהייט",אדער "יידישע קולטור" וועט ער זיך אויסלאכן.ווערן נישט אלע געלטער צו פינאנסירן דעם איקוף געזאמלט פון עלטערע גוט-מיינענדיקע יידן,וואס האבן לרוב נישט געוווסט אז אפילו זייער אייגענער פארהייליקטער חכם עתיק לעניך האט גלייך ביים אנהייב פון זיין קאריערע בעפסקנט,אז יידן זענען נישט קיין פאלק - - - איצט איז עס געווארן אזא דילעמע,אז יעדער וואס וויל נאר פרעטענדירן צו זיין אויפן לינקן צד מוז אויטאמאטיש ווערן א יידן פיינט,איז ווי קאנען יידן מיטמאכן אויף אט דער אומהייליקער חתונה?

דערפאר,דוכט זיך מיר,אז א טייל לינקע פארשטייען עס גוט און נישט אומזיסט האבן אנדערע פאראדירט אין פראנט פון דער "מארגן פרייהייט"

רעדאקציע מיט פלאקאטן,ווו מען האט געשריגן:פסח באוויק איז א פארעטער - - - אודאי מוז בערשמאן באך אלץ אריסשרייען פון א היגער טריבונע צום עולם עלטערע יידן,וועמענס הערצער ציען צום קוואל,צו ציון און ירושלים: איך ווייסט ווי איך האס זיי די ציוניסטן!

איצט,ווען ציון איז געווארן אן ארץ המקלט,אן אנטרינונגס פלאץ,פאר בעפלאגטע יידן פון אומעטום,איז עס דען לאגיש פאר אזעלכע אריסגעשרייען?

צוליב דער געלעגנהייט פון אונדזער שלום שטערנס באקומען די זשיטלאוו-סקי פרעמיע האב איך צום דריטן מאל דורכגעלייענט זיין צווייט בענדיק בוך "אין קאנאדע".דער צווייטער באנד איז ארויס אם ערשט אין 1963 און ער זאגט דארט ביים סאמע סוף,וואס איז מיין ראל? שטענדיק שטיין מיט די ארעמע, די הארעווענדיקע אין פייגען טאל - - - און ווייטער זאגט ער: אז עס בליש-טשעט אין דרויסן דער שניי און יאסל דערפילט די פרייד פון קעמפן מיט די ארבעטער אין איין ריי און עס שטארקט זיך אין אים דער באגער צו פארווארפן אין מארבן א שטריק - - - און געפינען אין פיין די טרער פון גליק - - - און ער זאגט אויך,אז:

עס שטייען פאר אים געשטאלטן פון ארבעטער פירער,
וואס האבן אלע פייגען אריסגעהאלטן און זענען איצט די הייליקע
מארטירער - - -

נון, זעט אויס אז זיי האבן נישט אריסגעהאלטן.ווען זיי וואלטן אויס-געהאלטן וואלטן זיי נישט געווארן מארטירער.

נאכן דורכלייענען די פאעמע צום דריטן מאל איז מיר,דוכט זיך,קלאר געווארן,אז שטערנס באנצער רייסן זיך צו דער וועלט און דאס אפזאגן זיך פון גיין אויף קידוש השם,ווי ער וואונט פאר זיין ברודער,וואס פירט א נאציאנאלע יידישע שול,איז דאך אייגנטלעך אויך א גיין אויף א קידוש השם,נאר אויף א ברייטערן מאסשטאב,והראיה,דארט ווו ער קומט רעדן ווען ער מאכט דורך זיין טור אין די וועסט פון קאנאדע,האלט מען אים אין איין פארווארפן אז ער רעדט נישט געבוג וועגן קאמף,און ער מוז זיך אלץ נאר פארענטפערן.דאס גוטע און שיינע אין דער באטור איז נישט

דער מאַנאַפּאַל פון די רייכע אָדער די אָרעמע און שטערן דער פּאָעט פאַרפעלט
נישט צו זען דאָס שיינע און אידעאַלע ביי זיין אייגענעם פאָטער, ברודער,
מומע און אַלע אַנדערע ערלעכע מענטשן פון זיין סביבה, וואָס זיינען נישט
קיין אַרבעטער, וואָס זיינען אָבער יאָ גוט און שיין נשמהדיק.

איך ווייס נישט אויב איך מעג אַנרופן אונדזער שלום אַ ביסל אַן אַנ-
טוישטער. ווער ווייסט, אפשר זיינען מיר אַלע דער אַנטוישטער דור? אפשר איז
דאָ דער פּלאַץ צו איבערחזרן, אַז ווען אַ ייד ווערט אַנטוישט אין דער וועלט
קאָן ער אַלע מאָל צוריקקומען צו יידן: אל תיפרוש מן הציבור, איז אַן אַל-
טער אָנזאָג. איך האָב אויך בעמיינט, אַז די וועלט וועט אַזוי פּראָגרעסירן אַז
עס וועט מקוים ווערן ישעיהס נביאות. פון דיין בוך, מיין ליבער פריינד
שלום, דוכט זיך מיר, אַז דו שטייסט מיט אָפענע אָרעמס אַרומצונעמען אַלע אָרע-
מע, ליידנדע פון אַלע פעלקער, אָבער ווער פאַלט אַריין אין דיינע אָרעמס?
פייגע, דאָס האַרציקע יידישע מיידל, פייגע וואָס בענקט אויך ווי דו פאַר אַ
גאולה שלימה פאַר דער גאַנצער וועלט. דערווייל, אַזוי ווי דו ביסט איינגע-
טונקען אין יידיש וויסן פון חומש און גמרא, און אויך די גאַנצע מאָדערנע
יידישע ליטעראַטור, וועסטו זיכער בלייבן ביי אונדז ווי אַ יידישער פּאָעט – –
לאו דווקא אַ קאַנאַדער – – –

עס איז א וואך פאר פורים.דער וועטער איז היי-יאר מילד,דער שניי צעגייט,די זון וואַרעמט פונקט ווי ערב פסח,כאטש מיר האבן קיין צום-רויען נישט אז דער ווינטער איז שוין געענדיקט.מיר ווייסן עס פון פרי-ערדיקע יארן,אז ווען מען טראגט שלח-מנות מוז דער ווינט דרייען מיט די טעלער.האט מיר אבער געזאגט אן עלטערע בויע,אז זינט מענטשן האבן זיך דערוועגט צו שפאלטן די שאל פון דער לבנה זענען די וועטערן נישט נארמאל,דאס נעמט די נקמה...

איך לייען דאס בוך פון שלום עליכעס טאכטער וועגן איר בארימטן פא-טער און עס מאכט מיך לאכן פון גאנצן הארצן,ווען איך לייען צווישן צענד-ליקער אנדערע פאלן,ווי אזוי שלום עליכם האט גובר געווען טרויעריקע מא-מענטן אין זיין פערזענלעך לעבן און גאר פארוואנדלט זיי אין א שפאס — — — עס איז געווען א פאל,ווען ער מיט זיין משפחה פון זעקס קינדער זענען ארויסגעקומען אויף זומער וווינונג אין באיארקע — בויבעריק — לעבן קיעוו און גלייך דעם ערשטן טאג האט געהערט,וואסער איז אריינגערונען אין מיטן פון עס-שטוב.אין פארצווייפלונג האט זיך פרוי שלום עליכם אוועקגעזעצט אויף א בענקל,אין א ווינקל,און אונטערגעלייגט די הענט ביי ביידע זייטן פנים.שלום עליכם אליין אבער האט שנעל באטראכט די לאגע,האט געפונען אן עמער,אוועקגעשטעלט גלייך אונטער דער סטעליע,וווּ עס האט אריינגערונען, געכאפט די קינדער ביי די הענטלעך,איינע ביי די אנדערע,און גענומען טאנ-צן און זינגען ארום דעם עמער אזוי לאנג ביז די מאמע האט זיך אויך צע-לאכט.נון,ווען מען צעלאכט זיך זעען די ערגסטע זאכן אויס גרינגער — — —

אבער ווען עס האט אויסגעבראכן דער שרעקלעכער פאגראם אין קישענעוו, אין יאר ניינצן הונדערט און דריי,און אלע האבן גלייך בעזען,אז עס איז געווען צוגעגרייט פון דער צארישער רעגירונג צו דערטרינקען אין יידיש בלוט די רעוואלוציאנערע שטימונגען ביי די מאסן,האט דעמלט שלום עליכם נישט גער געלאכט.ער האט זיך געשטעלט אין שפיץ פון א דעלעגאציע וואס איז געגאנגען זען טאלסטאיען,גארקין און אנדערע פירער פון דער רוסישער עליטע,און אלע זיינען ארויסגעטראטן מיט שארפע פראטעסטן.האב איך דערפון

געלערנט אז פון אייגענע צרות מעג מען לאכן,אבער פון פאלקס טראגעדיעס -
אל תדום - - -

ארועקגעלייגט דעם שלום עליכם בוך פון האנט,ווייל מען האט געברענגט
די היינטיקע צייטונגען.לייען איך צוויי פארשיידענע שטיקלעך נייעס פון
טאג.דאס ערשטע,אז עס איז געלונגען צו פארניכטן א מיליאן שווארצע פייגל -
בלעק כוירדס - וואס זענען געווען אן אומגליק פאר די פארמערס אין אמע-
ריקע,ווו די שווארצע פייגל האבן זיך באזעצט און האבן אויפגעגעסן די
תבואה פון די פעלדער.אויך זענען די פייגל געווען א געפאר פאר די עראפ-
לאנען,ביים אויפהויבן און אראפלאזן זיך.דער אמעריקאנער לופט-פלאט,וואס
האט פריער געלאזט וויסן,אז ער וועט עס טאן,האט ארויסגערופן א שטורעם
פון פראטעסט ביי א גרופע מענטשן,וואס גלויבן אז די נאטור האט די שווארצע
פייגל מסתם בעדארפט דיי זאלן פארניכטן אנדערע אינזעקטן,און ווער ווייסט
וואס עס וועט איצט צו אונדז אלעמען געשען.זיי האבן זיך אפילו געוואנדן
צו די געריכטן מען זאל די רציחה אפשטעלן,אבער זיי האבן פארשפילט.

דאס צווייטע שטיקל אומשולדיקע נייעס איז געווען אז ענגלאנד,אדער
ווי זי רופט זיך מיט א שיינעם צונאמען - פאראייניקטע קעניגרייך - און
עגיפטן האבן מסכים געווען אין פרינציפ אויסצובויען א פאבריק פון דזשעט
עראפלאנען,אויסגעשטאט מיט די בארימטע ראלס-ראיס מאטארן,פאר א סומע פון
צוויי הונדערט און פערציק מיליאן דאלאר אדער מער.דאס געלט איז שוין
כמעט ווי אין קעשענע,געשענקט פון די רייכע קעניגן און פרעזידענטן פון
די אראבישע אויל-רייכע לענדער.עס הייסט,אז פאר אזא גוטן צוועק האבן
זיך געאייניקט אלע פירער אין מאראקא בעת דעם אקטאבער צונויפקום.ענגלאנד
וועט שיקן ארום 300 אינזשיניערן מיט זייערע משפחות פאר 3 יאר און זיי
וועלן אויסקלויבן פלעצער וואס ווייטער פון ישראלס לופט-מאכט.

נון,די שטיקל נייעס איז זייער גלאטיק.די אראבער פארקויפן איצט אויל
פאר א פרייז 5 מאל אזוי פיל ווי פריער.הייסט עס,אז געלט האבן זיי גענוג.
די ענגלענדער זענען אויף צרות,כאטש די רעגירונג איז אן ארבעטער-רעגירונג
א סאציאליסטישע,איז דאס לעבן דארט זייער שווער.די רייכע ראלס-ראיס קאמפא-

ביע האלט ביים באנקראטירן,טא וואס קאן שוין זיין שענער און בעסער ווי צוריקנעמען א ביסל געלט פון די רייכע אראבער און געבן צו די ארעמע ענגלענדער.איז אבער די פראגע פאר וואס פארא צוועק וועט מען בויען די נייע עראפלאנען,צו פארניכטן שווארצע פייגל?

ווו האלטן מיר אין דער וועלט?

דער קאלענדאר ווייזט נײנצן הונדערט פינף און זיבעציק.מען רעדט וועגן שלום אין אלע לענדער פון דער וועלט,בייט איר איצט בויען נייע דזשעט באמבערס? איך האב געהערט אז מען בייטיקט זיך אין פלייש אין עגיפטן, אין היידער,אין זאכן פון ערשטן געברויך,בייט איר בויען באמבערס? עס שרייבט זיך אין די נייעס,אז דער פלאן איז פאר דריי יאר,וואס מיינט דאס? האפט עמיצער,אז אין דריי יאר פון איצט,וועט די לאגע זיין אזוי שלעכט, אז עגיפטן וועט מוזן פארניכטן יידן און זאגן אז עס זיינען געווען שווארצע פייגל? און וועט די וועלט זיין אזוי פינצטער און גליטשיק,אז קיינער וועט נישט פראטעסטירן,אמוויינִיקסטן אזעלכע גרופן ווי די וואס האבן פראטעס-טירט קעגן דער פארניכטונג פון די שווארצע פייגל! ניין,זאג איך,קיין שום אפמאכן,קיין קאנטראקטן צו פאבריצירן געווער.אזוי שנעל ווי א ביי מלוכהלע שטייט אויף הויבט זי שוין אן בויען געווער-פאבריקן.מענטשן-קינדער,וואס טוט איר? ברויט-פאבריקן בויט! היידער,פאבריקן! צי וועלן נאך ערגערע קאטאסטראפעס פארקומען איידער עס ענדיקט זיך דאס צוואנציקסטע יארהונדערט?

דער דרויסן איז מילד,די זון ווארעמט ווי ערב פסח.אפשר איז די גויע בערעכט,די לבנה איז בייז אויף אונדז,נעמט זי אין אונדז נקמה,צעמישט די קעפ פון אונדזערע וועלט פירער.אנשטאט גליק און פרייד פאר מענטשן פלא-נירט מען גאר שפאגל נייע דזשעט עראפלאנען.

איך האב פריער דערמאנט די אר בעטער פירער פון דער ענגלישער רעגירונג. איך האב ספעציעל אונטערגעשטראכן די ווערטער - ארבעטער רעגירונג - ווייל אין זכרון איז מיר געבליבן די באגייסטערטע לעקציעס פון סעקרעטאר פון די יידיש וועלטלעכע שולן אין פוילן,יעקב פאט,אונטערן נאמען: סאציאלע מאטיוון אין דער וועלט ליטעראטור.ווי שיין,האט ער געזאגט,קלינגט עס

ווען געטע באשרייבט אין זיין "ווערטערס ליידן",אז ווען ווערטער באגייט זעלבסטמארד,האבן דעם טויטן-קאסטן ארבעטער געטראגן.איר הערט! - האט פאט אונטערגעשטראכן - די אומבאפלעקטע געווויסן-ריינע ארבעטער האבן אים געטראגן.אזוי האט דער גרויסער געטע צוגעטראגן זיין סאציאלן מאטיוו צו דער וועלט ליטעראטור.בלויז מיט די פאר ווערטער האט ער אפגעגעבן כבוד צום ארבעטס מענטש - ארבעטער האבן אים געטראגן -

היינט,ווען איך לייען דאס שטיקל בייעס פון טאג,אז מצד דעם ענגלישן פאלק דערווארט מען נישט קיין פראטעסטן צו דעם אפמאך,פרעג איך זיך,צי דאס געוויסן פון די ענגלישע ארבעטער וועט ווייטער בלייבן אזוי ריין און אומבאפלעקט ווי עס האט זיך געמאלט אין יעקב פאטס לעקציעס? ווילסאן,דער ארבעטער פארשטייער,איז ערשט געווידן געווארן אין די ציישונגען מיט א שיין צופרידן פנים,רעדנדיק מיט אן אנדערן חשובן פירער פון ארבעטער קלאס און עס זאגט זיך אלץ אין דעם פיינעם שטיקל בייעס,אז נאכן אויסבויען דעם בייעס פראיעקט אין עגיפטן וועט שוין נישט וליטיק זיין זיי זאלן זיין אויסגעשטעלט נאר אויפן צושטעל פון די גייטיקע כלים פון רוסלאנד, זיי וועלן האבן אייגענע.נעם איך אן,אז ברעזשנייעוו האט אוודאי אנגע-פרעגט ביי אלע רוסישע ארבעטער און אלע האבן כפה אחד מסכים געווען, הייסט עס,אויך דער רוסישער ארבעטער איז ריין און אומבאפלעקט,נישט אמת?!

ווייס איך נישט,צי זאל איך לאכן און פרייען זיך מיט שלום עליכמען, מיט דער זון,וואס וואַרעמט אזוי ערב־פסחדיק,אדער גאר אראפלאזן דעם קאפ ווי אין אסתר טעניה,ווי עס זאגט זיך־אין דער מגילה: אבל וחפוי ראש.

אפשר,אפשר וועט געשען א נס און די המנס פון דער וועלט וועלן האבן המנס מפלה - - - - - - - -

אזוי האבן מיר עס אלע מאל פארשטאנען: די בעלע פרעסע דערשיינט,ווערט פובליקירט נאר פארן דורכשניטלעכן משה - דעם מענטש פון גאס,דעם טרעגער, בעל-עגלה,מערסטנס עם-הארצים,וואס האבן קיין שייכות נישט מיט שיינער ליטעראטור.די שפראך האט דארט געמוזט זיין א פאפולערע,ווי דאס פאלק רעדט,מיט גרויסע סענסאציאנעלע קעפ,באשריבן אלע מארדן מיט אלע דעטאלן, אלע גניבות,פארגוואלדיקונגען.קיינער האט נישט געקאנט האבן צו זיי א טענה,אויב עס זיינען ארייננעפאלן א פאר מיאוסע ווערטער,א פאר שונד-ראמאנען. פארקערט גאר,דאס איז דאך געווען זייער טעגלעך ברויט.זיי האבן דאך נישט פרעטענדירט צו זיין ליטעראַרישע צייטונגען.דער בעסערער לייענער האט אלע מאל בעהאט אן אויסוואל פון פארשיידענע באלעבאטישע אויסגאבן,און דארט איז שוין געווען גאר עפעס אנדערש.א רעדאקטאר אין אזא צייטונג האט שוין אכטונג געגעבן די שפראך זאל זיין א ריינע,די ארגומענטן לאגישע,און דער עיקר: דרך ארץ פארן אינטעליגענטן לייענער.אויב עמיצער האט עס פארנאכ-לעסיקט אדער פארקוקט,האט זיך עס גלייך אפגערופן אין דער צירקולאציע און מען האט אויפגעהערט אבצוהאלטן,אכטונג געבן און זוכן ביי קינסטלערי-שע שאפונגען,ווייל דא האט מען שוין געהאט צו טאן מיט גאר אן אנדערן עלעמענט - - -

איך קאן נישט פארבייגיין די גלייטשיקע וועגן אויף וועלכע מיר זענען ארויף דא די לעצטע צייטן,און מיר דוכט זיך אז עס ווערט אלץ ערגער.לאמיר דא דערמאנען,אז די איינציקע צייטונג וואס בליבט ארויס טעגלעך אויף יידיש איבערן גאנצן אמעריקאנער ישוב,איז דער "פארווערטס".מיינט עס דאך,אז זיי וואלטן בעדארפט זיין א ביסל אפגעהיטן,פונקט ווי טאטע-מאמע מיט זייער בן-יחיד.אבער נישט געקוקט אויף דעם וואס מיט א יאר צוריק האט באשעוויס-זינגער געגעבן אן אינטערוויו צו ענגלישע רעפארטערס און ער האט דארט חוזק געמאכט פון"פארווערטס",בעזאגט אז עס זעט אויס ווי א ביה-עולם. ער האט זיך גארנישט געשעמט צו זאגן,באטש ער איז אליין א זקן,אז דארט באטייליקן זיך גאר זקנים,אז יידיש האלט אט-אט ביים אונטערגיין,און נאך אזעלכע פיינע דערמוטיקונגס ווערטער... נישט געקוקט אויף דעם

אלעם דרוקט אלץ דער "פאָרווערטס" דאס שרייבעכטס פון באַשעוויסן מיט

אזעלכע הויך-קלינגענדיקע נעמען ווי "נשמה עקספעדיציעס"

וואס איז אבער - לאמיר זיך נישט שעמען און אנרופן דאס קינד ביים

נאמען - שונד.און האט א מאנטרעאלער ייד געשריבן צום רעדאקטאר מיט א

שאלה,פארוואס? האט מען אים געענטפערט,אז די וועלט האלט פון באַשעוויסן

א סך.אפשר ווייסט איר וועלכע וועלט? איך באדויער בפירוש,וואס אזא

גרויסער און ציכטיקער שרייבער ווי חיים גראדע מוז זיך דרוקן לעבן באַשעווי-

סן.איך בין זיכער אז נאר צוליב די בידנע פרנסה וואס איז היינט נאך

שווערער ווי אלע מאל פאר א יידישן שרייבער,וואלט ער זיכער בעגעבן א

קלאפ מיטן טיר און נישט מסכים געווען אז די היינטיקע משהס זאלן נעמען

בײדן אויף איין מאס.איך בין נאך נישט פארטיק מיטן "פארווערטס" און

מוז פריער זאגן,אז דער אקארשט פארשטארבענער משה שטארקמאן און א פיינע

גרופע יידישע קינסטלער שרייבן אין "פארווערטס",און עס איז נישט ניטיק

צוזשמעלצן מיט אזא אומבאהאלפענער פאעזיע ווי עס זענען די לידער,אדער

בעסער,די גראמען פון וו.ארצט.אויב אפילו ער דרוקט דארטן זיינע שא-

פונגען ווי באצאלטע אנאנסן,האט אויך דער ליטעראַרישער רעדאקטאר נישט

געדארפט דערלאזן מען זאל דערמאנען אונדזער גרויסן בראך פון דער צווײ-

טער וועלט מלחמה ווי א נארישע ווערטער שפיל.אמווייניקסטן האבן זיי

דאך געדארפט צודרוקן פון אונטן איין ווארט - אנאנס - אויב דאס ווארט

איז נישטא קאן דאך א נישט-דערפארענער לייענער מיינען אז די לידער פון

ארצט זענען אזוי חשוב ווי די לידער פון לייוויק און אנדערע זיינס-

גלייכן - - -

אן אנדער מוסטער פון בעשמאקלאזיקייט איז אן אנאנס פון יידישן

נאציאנאל פאנד,וואס אפערירט מיט מיליאנען דאלארן.דער אנאנס הויבט זיך

אן מיט א קעפל - טוביה דער מילכיקער פון ווארשע און זיין טאכטער -

און דארט דערציילט מען א מעשה וועגן א ליבע פון א בחור וואס האט בא-

געגנט א מיידל און זיי האבן זיך פארליבט און געוויר געווארן אז זיי

זיינען גאר שוועסטער-קינדער.דורך די קינדער האבן זיך די עלטערן דער-

וווסט,אז זיי זיינען ביידע דא אין אמעריקע... און ערשט ביי די ענדע

ווי א צוטשעפעניש שרייבט זיך אז די קינדער זענען אוועק אין נאציאנאל
פאנד אפיס און פארשריבן א גרעסערע סומע פארן נאציאנאל פאנד,ווייל זיי
ווייסן אז דער נאציאנאל פאנד טוט אויף גרויסע זאכן און א חוץ דעם
האבן זיי נאך אנדערע פלענער,קומט אדער שרייבט אויף דעם און דעם אדרעס.

חשובע לייענער,דער אנאנסן שרייבער פארן נאציאנאל פאנד האט אונדז
אלעמען-בענומען אויף זיכער - ווי מען פלעגט אמאל זאגן.ער האט געמיינט
אז ער רעדט נאר צו עמך,צו משהס.בעסער דארף מען נישט,אויב ער וועט אנ-
שרייבן אן אויסגעדראשענע מעשה און שפעטער צוטשעפען דעם רוף צו געבן
געלט וועט עס זיין א זיכער פייער,ווי די ענגלישע זאגן.און וואס איז גוט
פאר ענגלישע - דארף אוודאי גוט זיין פאר יידן... כ׳ וואלט זייער געוואלט
הערן וויפל פון מיינע באקאנטע מענטשן האבן געפילט דעם בייגעשמאק פון
אזא אנאנס---

און איצט לאמיר לאזן שטיין דעם בן מלך,ווי מען פלעגט אמאל זאגן,און
זען וואס עס טוט די בת-מלכה.זייט עס האט זיך פארמאכט דער "טאג-מארגן
זשורנאל" האט אנגעהויבן ארויסגיין דער "אלגעמיינער זשורנאל",אונטער
דער רעדאקציע פון גרשון יאקאבסאן,וואס זאגט אז ער איז אומפארטייאיש,
וואס מאכט אבער דעם איינדרוק ווי ער וואלט געווען דער ארגאן פון ליו-
באוויטשער רבין.מען קאן עס גלייך דערקענען,אן שום אויספארשונג,ווייל
די צייטונג פון היינטיקער וואך אנאנסירט אז קומענדיקע וואך וועט גרשן
יאקאבסאן שרייבן וועגן ליובאוויטשער רבין אלס מנהיג ישראל - - - זעט
אויס אז עס לוינט זיך אים,עס איז א סגולה צו פרנסה.גאנצע זייטן פון
דער צייטונג זענען פארנומען פון אנאסן פון רבנים,דיינים א.א.וו. אבער
נישט דאס בין איך אויסן.פאר די לעצטע פאר חדשים דרוקט זיך דארט א מין
סודות פון חדר,אדער הינטער די קוליסן פון "סאוועטיש היימלאנד" פון י.
געגערמאן.איך האב געפונען געגערמאנס לידער אין "סאוועטיש היימלאנד",
נומער 12, 1967 - און איך האב נישט געהאט קיין סיבה פאר וואס נישט צו
גלויבן אלץ וואס ער דערציילט דארט.אפער פלוצים בין איך געבליבן שטיין
דערציטערט.לעצטע וואך,אנשטאט ווייטער דערציילן וועגן דער סביבה פון
"סאוועטיש היימלאנד" האט ער גאר באשריבן זיינעם א באזוך ביים ליובא-

וויטשער רבין אין ניו יארק און ער שרייבט אזוי באגייסטערט אזוי ווי א פויער פון דארף וואס קומט דאס ערשטע מאל אין זיין לעבן קיין מאסקווע און מען ווייזט אים די פערציק מאל פערציק קלויסטערס און אלע אנדערע זעענסווירדיקייטן.ער פארפארט אזוי שטארק אין זיין באגייסטערונג,אז ער שרייט אויס:דאס איז גוט,נישט ווי ביי די ליבקע דא הי,וואס זענען אלע אלט און עס הערט זיך פון זיי א שלעכטער גערוך - - - איך ווייס באמת נישט פון וואנען געגעבןמאן האט בעבומען די אינפארמאציע,האט ער פון רוס-לאנד בעברענגט אזא גוטע נאז אז ער איז שוין ארויסגעגאנגען שמעקן אין אלע ליבקע קריידן און איצט קאן ער שוין מפרסם זיין ברבים,אדער,אפשר, איז עס געווען א קאפולער אנצוהערעניש פון זיין אומפארטייאישן רעדאק-טאר?

ווי געל איז דער בן-מלך,אין צי וויל אים אין געלקייט איבערשטייגן די בת-מלכה?

האט איר אפשר געהערט אין אייער לעבן א יידישע טאכטער זאל זינגען א געזאנג צו בוענאס איירעס? א שטאט וואס האט זיך בארימט געמאכט מיט שאנד און וויי,א שווארצער פלעק אין אונדזער דור.עס גרוילט צו הערן דעם נאמען בוענאס איירעס.האט זיך קוים מיט צרות אפגעזוכט א יידישע טאכטער וואס זינגט - דיין אומרו,דיין צאפל,איך טראג אין געמיט צו דיר בוענאס איירעס, כ'שטרעק אויס איצט מיין ליד -

וואלט איך וועלן וויסן,ווי אלט איז מארי גאלד,וואס האט דאס ליד ערשט פארעפנטלעכט,האט זי יידישע טאטע-מאמע? האט זי געהערט וועגן ירו-שלים,איז זי געגאנגען אין א יידישע שול? ווען זי שרייבט נישט בוענאס איירעס אין הארץ מיר אריין - פארחלומט מיט טאנגאס,מיט דראנג צו זיין פריי.האט זי געהערט וועגן יענע וואס האבן געשווירן: זאל מיין צונג זיך צוקלעפן צום גומען,אויב איך וועל פארגעסן דיך ירושלים.

איז עס נאר א חלום,א קאשמאר אזא,אז פון הייגט אן וועלן יידן זינגען לויב געזאנגען צו אלע שטעט פון דער וועלט,נאר נישט צו זייערע אייגענע הויפט שטעט? אונטער דער רוט פון זייערע פייניקער קארטשען זיך זייערע

בשמהס, נישט נאר זייערע קערפערס און זייי מיינען נאך אז די פעלקער וועלן זיי פונקט אזוי פריינדלעך אויפנעמען - - - אויב פון מארי באלדס ליד הערט זיך ארויס אן אויפריכטיקייט, סיידן זי קאן זיך אזוי קינסלעריש פארשטעלן, גלויב איך אבער לגמרי נישט זיאמע טימענטשיק, וואס שרייט אויפן גאנצן קול: מיין היים איז דא! ער שרייבט:

דער פון די אבות איז אין הארץ מיינעם פארשריבן,
נאר יענע וואס זיי זאגן צו אין הימל א יאריד -
איך שיק זיי אפ צו... האט נישט קיין פאראיבל
כ'בין מער פון זיי א ייד! א שטאלצער ייד!
מיין היים איז דא, און דא בין איך געבוירן,
קיין אנדער הימלאנד וויל איך נית - - -

עס קלינגט נישט אויפריכטיק און עס דארף נישט קלינגען בעסער. אזוי האבן מסתמא געשריבן מאראנען פון פארגאנגענע צייטן - - -

# די דעמבענע טיר

דער נאמען פון א.מ.פוקס דערציילונג איז מיר געקומען אויפן זינען אין שייכות מיט דעם רוף צו קויפן ישראל באנדס... ארט ווערט דער-ציילט וועגן דער אימה וואס באפאלט א יידיש הויז ווו עס וווינט א יידישער ארעמאן,א טאג-לוינער ביים לאדן געהילץ און תבואה אויף דער באן.ווען עס קלאפן אן אין מיטן נאכט פוילישע כוליגאנעס און שרייען אז זיי וועלן אלע יידן דערהרגענען,לויפן די 2 יונגע טעכטער אויפן בוידעם זיך באהאלטן.די פרוי מיטן קליינעם קינד פון א יאר באהאלטן זיך אין א קאמער און נאך א יינגל פון 13 זאגט,ער וועט פון טאטן נישט אפ-טרעטן.דער טאטע,ייינע,פארשטעקט די האק אין זיין שטריק-גארטל,און שפרינגע,זיין ווייב,שרייט צו אים: זאלסט,כאטש איינעם פון זיי,פלעטן דעם קאפ,הערסט!

ברוכל,דאס 13 יעריקע יינגל,טוט ·זיך קרעפקע א שטעל מיט זיינע קליינע פארביילטע פויסטן: הערסט,טאטע,איך זאג דיר,א מכה וועלן זיי קאנען אויפ-ברעכן אונדזער טיר,זי איז א דעמבענע!

און אזוי געשעט עס טאקע,די טיר איז שטארק,זיי קאנען איר נישט איינ-ברעכן,און כאטש זיי רייסן ארויס די טיר פון אירע זאוויעסעס און ווארפן איר אום אויף זיינע פלייצעס,פארוונדן אים אין קאפ,אבער ער בלייבט לעבן,אויך אלע פון זיין פאמיליע.מען בארויגט און מען צעברעכט אויך זיינע שטוב זאכן,און ווען דער יינגל פרעגט: טאטע,ס'איז געווען א שטארקע טיר,וואס וועט זיין? ענטפערט אים לייבע: יא,זי האט לאנג אפ-געהיט די שטוב,עס וועט זיין זייער שווער...

נאך דעם גרויסן יום-כפור-חורבן האט מען געקאנט זען א גרויסע אויפ-רודערונג ביי היגע יידן,עס האט אויסגעזען ווי יעדער פילט זיך ווי א מיטגליד אין דער משפחה פון ישראל,אדער פארקערט,ווי היגע יידן וואלטן געפילט,אז ישראל יידן זיינען אלע אונדזערע נאענטע קרובים און מיר דארפן זיין די דעמבענע טיר וואס זאל זיי אויסהיטן פון אלע געפארן...

אין די לעצטע פאר וואכן זייט אראפאט איז אויפגעטראטן פאר דער אסאמבליי פון די פאראייניקטע פעלקער און איז דארט אזוי ווארעם באגריסט

בעוואַרן, האָב איך געקראָגן אַ געפיל אַז יעדער פון אונדז איז איך געפאַר, אַז איצט האַנדלט זיך עס נישט מער אין יידן פון ישראל, וואָס ווערן גע-וואָרפן ווי אַ ביין צו די אַראַבישע הינט. אויב די פעלקער פון דער וועלט וועלן ווייטער ווי די ווערים קריכן אויף זייערע בייכער מיט חניפה צו די אַראַבישע אויל באַזיצער, ווערט מען, אפשר, ביי זיי אויך פועלן מען זאָל אַנהויבן רודפן יידן אין אַנדערע לענדער... און אַזוי טוט מען דאָך שוין הייַנט אין וויפל לענדער! און אונטער וועמענס אייַנפלוס? איך האָב דאָס געפיל, אַז מיר דאַרפן די שטאַרקע דעמבענע טירן נישט ווייניקער ווי די ישראלים!!! אפשר איז דאָס די סיבה וואָס מען האָט גאָר געהאַט די חוצפה צו זאָגן, אַז אויב ישראל וויל שלום, מוז זי צוזאָגן, אַז זי וועט מער נישט אַרייַנלאָזן קיין יידן אין די קומענדיקע 50 יאָר?!

דער חשבון איז זייער פשוט: מען וועט צוזאָגן שלום אין ישראל, מען וועט איבעררייסן דעם קאָנטאַקט צווישן ישראל און ייִדן פון דער וועלט, און שפּעטער וועט מען צוביסלעך מאַכן יידן-ריין לענדער, אָדער דורך צוואַנג, אָדער דורך ווילטאַג, אויפן שטייגער פון אַמעריקע, וווּ עס פאַלן אָפּ אברים פון יידישן גוף דורך געמישטע חתונות א.א.וו.

און ווען מען טאַקע לאָזן ישראל בשלום? ווער וועט דעמאָלט ביישטיין ישראל אין איר נויט?

ווען מען ברענגט אַ ישראל פילם אין מאָנטרעאַל צו די געלעגנהייטן פון יידישע שמחות, איז עס מערסטנס שטיקלעך און ברעקלעך פון ישראל לעבן. אין אַ הויז פון אַ פרייַנד האָב איך געזען ישראל בילדער פון בית-עולמס, ווו מען האָט ענדלעך געבראַכט די לעצטע איבערבלייַבנס פון געפאַלענע אין דער יום-כפור מלחמה, וואָס מען האָט ביז איצט נישט געקאָנט דערגרייכן. עס האָט גענומען מער ווי אַ האַלבע שעה דורכצוקוקן אַלע בילדער, מערסטנס קליינע, בלייַכמאַכיקע שטיינדלעך, די אויפשריפטן קורץ: נאָמען, אַדרעס און עלטער. ווען איך האָב געלייענט די עלטער פון די מערסטע מצבות, האָבן מייַנע אויגן אָנגעהויבן טרערן... נאָך ערגער האָב איך גענומען פילן ווען איך האָב אויך יעדן בית-עולם דערזען שטעקנס מיט אויפשריפטן. וואָס איז דאָס, האָב איך געפרעגט. דאָס זייַנען נעמען פון פאַרשווונדענע סאָלדאַטן, וואָס

קיינער ווייסט נישט ווו זיי זיינען אהינגעקומען,אבער אזוי ווי מ'האט פון זיי ביז איצט נישט געהערט,ווערט עס פארשטאנען אז זיי לעבן נישט מער.אזוי ווי זייערע נאענטע ווילן מען זאל זיי נישט פארגעסן,האט מען אויפגעשטעלט שטיקנס מיט נעמען — — — שטייען לאנגע רייען מיט שטיקנס און קוקן צום הימל,און פרעגן,פארוואס?

איך האב די געפאלענע נישט געקענט,אבער זיי זיינען געפאלן ווען זיי האבן פארטיידיקט דאס יידישע לאנד,אונדזערע ברידער,אונדזערע קינדער זיינען זיי געווען,צונויפגעקליבן פון אזוי פיל לענדער,פון אלע עקן וועלט,און דארט האט מען זיי נישט געלאזט לעבן.פיל איך הייבט די אימה פון זיין א ייד,סיי אין ישראל,סיי אין אלע אנדערע לענדער.און אויב מיר זיינען אומשטאנד צו נויען דעמבענע טירן צו באשיצן ישראל,איז עס יאין די זעלבע צייט א שוץ פאר יידישע הערצער אומעטום.מיר טארן נישט רוען עד יעבר זעם,עס זיינען פארנסיקע טעג אין דער יידישער געשיכטע.די יידישע קינדער פון ישראל האבן געגעבן זייערע לעבנס,צי ווען מיר שטיין פון ווייטנס און נישט העלפן דאס הייננטיקע ישראל מיט געלט?

ווען מען וואלט געמאלן א סימבאל פון א ישראל באנד,וואלט עס,אפשר, געדארפט זיין אין דער פארם פון א דעמבענער טיר,וואס היט א יידישע שטוב,ווייל אויב,חלילה, די שונאים זאלן זי איינברעכן,וועט זיין זייער שווער — — — — — — —

דעם לעצטן מערץ איז געווארן פופציק יאר זייט עס איז אין ניו יארק געשטארבן מ.ספעקטאר.זוכנדיק מאטעריאל צו זיין ביאגראפיע און כאראקטעריסטיק,האב איך זיך אנגעטראפן אויף גאר אינטערעסאנטע אייבצלהייטן וואס רעפלעקטירן זייער שטארק אויף אונדז נאך הייגט.וועל איך פרווון זיך טיילן מיט אייך מיינע געפינסן,מיר דוכט עס וועט זיין כדאי - - -

געבוירן דעם 15טן מאי 1858 אין אומאן,קיעווער געגנט.געשטארבן דעם 15טן מערץ 1925.דער טאטע א פייערדיקער טאלנער חסיד.פון דער מאמעס צד האט ער בעהאט 5 פעטערס,שטארקע און געזונטע ווי די דעמבעס און הויבע ווי די סאסנעס.איינער איז געווען א רב,דער צווייטער - א שוחט,און דריי זייבען געווען גרויסע סוחרים.איינער האט געלעבט הונדערט און צוויי יאר, דריי - אריבער די ניינציק.נאר מיט איינעם האט זיך געטראפן אן אומגליק; ער איז געקראכן אויפן בוידעם,אראפגעפאלן פון לייטער און איז געשטארבן פאר דער צייט,צו פינף און אכציק יאר... אינטערעסאנט וואס די היינטיקע סטאטיסטיק וועגן דעם דורכשניטלעכן לעבנס-עלטער הייגט, אין פארגלייך מיט פופציק יאר צוריק, האט צו זאגן וועגן ספעקטארס פעטערס? צו פערצן יאר האט ער אויפגעהערט צו לערנען גמרא און גענומען לייענען היינטוועלטיקע ביכער.אין יאר 1881 געפארן קיין אדעס,כדי זיך אויסלערנען א מלאכה.סוף 1882 אנגעשריבן - א ראמאן אן א נאמען - אזוי האט געהייסן זיין ערשט בוך - און אוועקגעשיקט קיין פעטערבורג צו צעדערבוימען,וואס איז געווען דער רעדאקטאר פון "פאלקס בלאט".צעדערבוים האט זיין ראמאן געדרוקט.אויך זיינע ווייטערדיקע ווערק "דער יידישער מוזשיק",וואס איז געווען פול מיט חיבת ציון,האט געהאט א זייער גרויסן דערפאלג ביי די לייענער.ער איז דעמלט געווען ענלעך צו א גוטן שווימער פאר וועלכן עס האבן זיך מיטאמאל פאנאנדערגערוקט די ברעגן פון אן אומענדלעכן גלאטן זוניקן ים, שרייבן זיינע ביאגראפערס.

אוודאי וואלט אונדזער בן עיר מלך ראוויטש,וואס האט ערשט אין זיינס א ליד געזאגט,אז דערוויילט שרייבט ער פאר די וואלקנס און זייער פאסטוך - דער ווינט - געווען צופרידן ווען ער קאן פילן אז ער שרייבט פאר

אן עולם ברייט ווי א ים.ווי מיינט איר?

אין 1899 איז ספעקטאר געווען ארעסטירט און איז געזעסן אין טורמע, צוזאמען מיט י.ל.פרץ,פאר אנטיילנעמען אויף "תבאים" - אומלעגאלע אר-בעטער פארזאמלונגען - א זאך וואס איך האב זיך ערשט איצט דערוווסט - אין יאר 1900 האט ער ארויסגעגעבן אין ווארשע א טאג צייטונג "די נייע וועלט",וואס איז שפעטער געווארן איינס מיטן "מאמענט",ווו ספעקטאר איז געווען איינער פון די הויפט מיטארבעטער.סוף 1914,איידער די דייטשן זיינען אריין קיין ווארשע,איז ער אוועק קיין אדעס ווו ער לעבט דורך די ערשטע יארן פון דער רוסישער רעוואלוציע.ער און זיין פרוי - א שוועסטער פון ד.פינסקים פרוי - האבן געליטן ברוים נויט.

אין 1920 קומט ספעקטאר קיין ניו יארק,ווו ער קריגט א באגייסטערטע אויפנאמע.ער איז געווען זייער טעטיק זיינע לעצטע פינף יאר.ער האט גע-דרוקט א סעריע באשרייבונגען פון לעבן אין רוסלאנד,אויך א פאר נייע ראמאנען.

ראובן ברייינין שרייבט וועגן ספעקטארן,אז ער איז געווען דער מיט-וועג צווישן אונדזערע קלאסיקער און שמר"ן.ער האט געשאפן דעם בריק צווישן שמר"ן און מענדעלע,פרץ און שלום עליכם.

איך האב געקוואלן צו זען פאר זיך א יידישן דערציילער,וואס איז פאר-בליבן לעבנסלאנג פרימיטיוו,מיט א גאנצער,געזונטער נשמה,אן אינערלעכע ריסן און שפאלטונגען.א יידישער ראמאניסט,א פאלקס מענטש,וואס האט פון אלץ הנאה,טראגט צו קיינעם נישט קיין קנאה שנאה און וועלכער איז אן אויפ-ריכטיקער שמח בחלקו.אין יאר 1908,ווען ספעקטאר איז געווען אין הויז ביי ראובן ברייינין אין בערלין,האט ער געזאגט אז אלץ געפעלט אים,אבער איין זאך קאן ער די דייטשן נישט מוחל זיין ... פארוואס רעדן זיי א פארפלוכטן דייטש און נישט א מענטשלעכן יידיש!

ש.ניגער שרייבט וועגן ספעקטארן,אז וואס עס האט נישט געקאנט אויפטאן מענדעלע מיט זיין טיפקייט,לינעצקי מיט זיין שארפקייט און דינעזאן מיט זיין צארטקייט,האט ספעקטאר דערגרייכט מיט זיין פשוטקייט.

מרדכי ספעקטאר איז געווען אין ברוים פריינדשאפט מיט שלום עליכמען

איבער דרייסיק יאר.אזוי טיף איז געווען זייער נאענטקייט אז שלום עליכם האט אים איין שפאס גערופן מיין ווייב.שלום עליכם וואס האט מענדעלע א נאמען געגעבן "זיידע" און זיך "אייניקל",האט אין בריוו צו ספעקטארן אים כסדר בעטיטלט: לזוגתי היקרה מרת ספעקטאר שתחי'...
דערמיט האט שלום עליכם באטאנט דאס מאמעדיקע,דאס הארציקע אין ספעקטארן.
אין זיינע בריוו צו ספעקטארן האט ער אויסער גוטמוטיקע שטיפערישקייט אויך אנגעשלאגן ערנסטע טענער.אזוי אשטייגער האט ער אמאל געשריבן צו ספעקטארן,זעט אויס אין שייכות צו ספעקטארס א געדאנק זיי זאלן זייערע בריוו פארברענען - איך פארשטיי נישט,זוגתי היקרה,וועלכער רוח ארט דאס דיך אז אונדזערע בריוו זאלן זיין גאנץ,למאי זאלן מיר זיי ברענען? לאזן אונדזערע שונאים ברענען אויפן פייער! אדרבא,לאז די היסטאריע איבער הונדערט צוואנציק יאר,לייענען ווי צוויי יידישע פאלקס שרייבער האבן זיך איבערגעשריבן,און וואס עס האט זיך געטאן מיטן זשארגאן.איך שטעל מיר פאר וואס פאר א פנים מיר ביידע וועלן האבן ביי אונדזערע אור-אור-אייניקלעך א שטייגער אין א פופציק אדער הונדערט יאר ארום,דעמלט ווען אונדזערע ביינער וועלן שוין לאנג פוילן אין דער ערד! אח,דער זשארגאן, דער זשארגאן! מי יודע וואס פאר א ראלע ער וועט נאך אמאל שפילן ביי אונדזער פאלק! נאר לאז די "געשיכטע" גיין איר גאנג און מיר באדארפן לעת-עתה איבדינגען האבן ארבדדערס.

און י.ד.בערקאוויטש,וואס דערציילט דאס אלץ איבעם שלום עליכם בוך, גיט צו,טאמער איז שלום עליכם מגולגל געווארן קיין אמעריקע און ער האט באדארפט געפינען זיין אייביקע רו אויף א ברוקלינער בית-עולם האט עס אויך ספעקטארן צום סוף פון זיינע טעג,פארטראגן איבערן ים אין דער ווייטער אמעריקע,ער זאל באקומען זיין ארט אויפ זעלבן בית-עולם,אין איין שורה מיט זיין לעבנס חבר שלום עליכם.שלום עליכם איז געשטארבן דעם 13טן מיי 1916 און ספעקטאר דעם 15טן מערץ 1925.

אין זיין דיכטער דערציילונג "מאן און ווייב", וואס איז ארויס אין ניו יארק אין 1909,שילדערט ספעקטאר די ביטערע לאגע פון יונה בלאזמאן,וואס האט אזוי גליקלעך חתונה געהאט און גליקלעך געווען ווען

דאס ערשטע קינד איז געבוירן געווארן,ווען א צווייט קינד איז געקומען און ער האט זיך געטרייסט,אז דאס צווייטע מיידעלע איז שיין ווי א פרינצעסין,האט ער אבער געהאט פעסט באשלאסן מער קיין קינדער נישט האבן,נאר רייכע קאנען עס זיך דערלויבן,זאגט ער צו זיין פערעלע.זי איז אזא איבערגעגעבענע,הארציקע פרוי און מאמע,זי איז אויף אלץ מסכים,אבער עס קומט א דריט קינד און א פערטס,אלץ מיידעלעך,איינע שענער ווי די אנדערע.מירל ווערט בלאס,פארלירט די שיינע טאליע,יונה ווערט אפגעלאזן,גיט מער נישט אכטונג אויף זיינע קליידער,זיין ארבעט אין קאנטאר ווערט אים לאנגווייליק.ווען דער מאן,וואס זיצט אקעגן אים,זאגט אז ער האפט זיין מיידל וועט אננעמען זיין הייראטס-פארשלאג און זיי וועלן גלייך אין צוויי חדשים חתונה האבן,פארשטייט מער יונה נישט וואס איז דא דאס גליק? יונה זוכט א וועג א ביסל זיך גרינגער מאכן,ספעציעל מירלען,און ער דערמאנט זיך אז זיין רייכע שוועסטער אין שטאט האט קיין קינדער נישט און זי בעט זיך ביים ברודער ער זאל איר שיקן פערלען,זיין עלטסטע טאכטער: זי וועט ביי מיר האבן א היים,זי וועט איר שיין קליידן,אין שולע שיקן,און ער באשטימט מיט מירלען איבעררעדן.ער טוט עס און מירל האט מורא,זי וועט נאכן קינד בענקען.אבער זיי שיקן דאס קינד אוועק.

יונה קאן זיך קיין ארט נישט געפינען.ער איז גרייט צו ליידן אבי האבן דאס קינד צוריק.מער ווי צוויי וואכן קאן ער נישט אויסהאלטן.מען ברענגט דאס קינד צוריק.מירעלע וויינט פאר פרייד.די פרוי,וואס האט דאס קינד געברענגט,דערציילט אז דאס קינד אליין האט נאר די ערשטע צוויי טעג זיך געשפילט מיט די ליאלקעס און אנדערע שפילצייג,שפעטער האט זי די גאנצע צייט געשריגן אז זי וויל אהיים.די דערציילונג ענדיקט זיך,אז זינט פערעלע איז צוריקגעקומען האט די שטוב אויפגעלעבט.זיסע,פריילעכע קינדערישע שטימעלעך האבן עפעס ווי א נייע לעבן אריינגעברענגט.פון דעם טאג אן האט יונה זיך אויפגעהערט צו באקלאגן,ער האט ערשט ווי אויפסניי אנגעהויבן פילן דעם פארגעניגן פון פאמיליע לעבן.

די זוכער פון אמת,צדק און יושר - אזוי קומען ארויס די ווילנער רבנים ארום נייבצן הונדערט און דרייסיק, לויט ווי זיי ווערן געשילדערט אין חיים גראדעס ראמאן "די עגונה".

אין פולן קאנטראסט מיט די מעשים תעתועים וואס עס טוען אפ די רבנים אין אונדזערע טעג,ווען די מחלוקהן ווערן,צו אונדזער שאנד,אויך ארויס-געטראגן אין די גאסן,ביז צום חלול השם פון פארברענען די ווייס-בלויע פאן עפנטלעך,לעצטן פורים,אין די גאסן פון ניו יארק.אזוי ווייט דערגייט די העצע פון סאטמארער קעגן לובאוויטשער,אז מען האט אויך א פיגור פון לובאוויטשער רבין עפנטלעך פארברענט.חוץ דעם הייסן זיי מען זאל זאגן ספעציעלע תפלות,אז די רעגירונג פון ישראל זאל אונטערגיין און אראבער זאלן ווערן צוריק דארט די הערשער; און דאס זאגן יידן וואס זיצן רואיק, אן קיין געפאר אין ניו יארק! האבן זיי נישט מורא פאר חלול השם?

אין זיין ארייננפיר זאגט אונדז גראדע,אז לויט זיין מיינונג,האט אונדזער ליטעראטור בכלל נישט געגעבן קיין צו עכטע אפשפיגלונג פון דיינים און מורה-הוראות,וואס זענען דורות לאנג געווען אונדזערע איינציקע מנהיגים. אדער זיי זענען געווארן העלדן פון דער לעגענדע,אדער טעאטראלע פיגורן, דעקאראטיווע און פאטעטישע,און ביים סוף פון זיין ארייננפיר זאגט ער, אז די באציאונגען צווישן קלויז און גאס,און דער קאמף צווישן רבנים איבער א פרוי,וואס איר מאן איז נישט צוריקגעקומען פון דער ערשטער וועלט מלחמה,איז די טעמע פון ראמאן - די עגונה - געשילדערט אויפן פאן פון אלטן,איינגעפונדעווען יידישן לעבנס-שטייגער אין ווילנע.

איידער איך גיי ווייטער וויל איך זיך דא אפשטעלן אויף דעם ווארט - ראמאן - נישט דערציילונג,נישט נאוועלע,נאר ראמאן,אזוי רופט חיים גראדע זיין גרויס קינסטלעריש בוך,וואס מיר לייענען קאפיטלעכווייז אלע וואך אין לייען-קרייז,און איך וויל דא צום אלעם ערשטן באמערקן,אז דאס ראמאנסירן פון די הויפט-העלדן,מערל די ביטארין,איז נישט ענלעך אפילו אן עוקץ צום ראמאנסירן אין ראמאנען ווי מיר זענען עס געוווינט צו לייענען.עס האנדלט זיך נעמלעך אין אן איידל געפיל פון דאנקבארקייט

און באוווּנדערונג צום ארעמען פאלאצקער דיין,וואס האט איר דערלויבט חתונה האבן נאך פופצן יאר ווארטן,וואס מאכט אדר צו טראכטן וועגן אים ווי וועגן אן איידעלן פרינץ ווענען זי איז גרייט די פיס צו וואשן, אויב ער זאל נאר לאזן.און ווען עס געשעט אזוי אז אנדערע רבנים פאר-פאלגן אים,שניידן אפ זיין מאגערן געהאלט און א חוצפהדיקער גבאי לאזט אים נישט צוריכענען צום מנין און גלייך דערנאך שטארבט זיין קינד,טראכט מערל,אז דאס אלץ איז געשען צוליב איר און די אנטלויפט אין נאענטן וואלד, הענגט זיך,כדי מיט איר טויט זאל זי דעם רב אויסליידן פון זיינע פלאגן. און אזוי פאסירט עס טאקע; דער דעת הקהל ווערט מאמענטאל איבערגעדרייט און דער פאלאצקער דיין ווערט דערהויבן,ער ווערט א חבר אין וועד הרבנים מיט פולער שכירות - - -

מחוץ מערל די ניטארין ארום ווענען עס ווערט ארומגעשפינט אזוי פיל הינטערקוליסן אקטיוויטעטן איז נאך דא א מוישקע צירולניק,וואס איז זעט אויס, דער שטן המקטרג פון אל-דאס-שלעכטס אין ווילנע,דער אזויגערופענער מענטש אין טיירולס געשטאלט אדער פארקערט -

פארשטייט זיך,כדי אויף א ברייטער קאנווע געבן אויך די מיאוסע טיפן פון שטאט,אנדערש וואלט מען דאך געקאנט זאגן,אז גראדע איז איינזייטיק.

וואס איך בין דא אויסן איז דער עיקר,אז דער ספור-המעשה וועגן די עגונה איז נישט דורכאויס כדי ארויסרופן מיטלייד מיט די אייביק פארמש-פעטע צו איינזאמקייט און אבווייזן אז אפילו וועגן אזעלכע לעבנס-וויכ-טיקע ענינים בלייבן טייל רבנים אזוי איינגעשפארט אז זיי זאגן יקוב הדין את ההר.פארקערט גאר,גראדע וויל זיך דערגריבלען צו דער טיף פונעם הארץ פון רב דעם מחמיר און באווייזן אז אויך ער איז געווען אזוי גוטהארציק ווי דער פאלאצקער דיין וואס האט דערלויבט די עגונה חתונה האבן,באטש אלע אנדערע רבנים זענען געווען קעגן. ער האט אבער מורא געהאט אז די אויטאריטעט פון די רבנים וועט פאלן זייער נידעריק אויב מען וועט דער-לויבן א ווינקל מורה-הוראה און נישט א רב,ספעציעל צו דעם אמט באשטימט געווארן,זאל האבן די דעה - - - -

ווי רירנד איז די סצענע ווען דער אבגעדעענער רב ר' לוי הארוויץ קומט צולויפן אין הויז אריין צום ארעמען דיין ווען ער הערט אז זיין קינד איז געשטארבן און ווי טיף דראמאטיש איז די סצענע ווען דער זעלבער דיין לויפט פון ביה עולם אוועק פון זיין אייגן קינדס לוויה,ווען ער הערט אז ר' לוי הארוויץ איז אין געפאר,ווייל עס גייען ארום קלאנגען, אז די קצב-יונגען און אנדערע פון פראסטן פאלק,קלויבן זיך שלאגן דעם רב,ווייל זיי זאגן אז צוליב אים האט זיך די עגונה געהאנגען.

עס איז שוין פינף און פערציק יאר,מער-ווייניקער,נישטא די יידן פון ווילנע.די וואס האבן זיך געראטעוועט זענען צעשפרייט איבער אלע ווינקלען פון דער וועלט.מען פרווט דורך פארשיידענע וועגן געדענקען: שטעלן דענק-מעלער.גראדע האט אזוי טיף אריינגעדרונגען אין יידישן לעבן אין ווילנע פון יענער צייט,ער האט,פארשטייט זיך,נישט אויסגעשעפט אלע קוואלן.ער אליין האט מסתם נאך פיל מער געזען אין ווילנע.אבער פון דעם ווינקל וואס ער האט אונדז געברענגט אזעלכע טיף-מענטשלעכע איבערלעבונגען,בין איך אזוי טיף מיטגעריסן געווארן.מיר דאכט זיך עס איז דא אין די עגונה מאטעריאל פאר א דראמע פון בעסטן קינסטלערישן ניווא.כ'האף עס וועט קומען א צייט ווען אזא אויפפירונג וועט באריכערן די ידישע בינע און אויב א ייד וועט בלייבן אומצופרידן מיט די געשעענישן פון זיין צייט וועט ער זיכער קאנען צוריקגיין און געפינען טרייסט אין די אמאליקע יידן פון ווילנע,ווי עס שילדערט זיי אזוי שיין חיים גראדע אין זיין ראמאן - די עגונה.

אנשטאט א דענקמאל פון שטיין און האלץ האט גראדע געשטעלט א דענקמאל די יידן פון ווילנע ווען ער האט צוערשט מקדש השם געווען שילדערן דעם אנדענק פון אן איינפאכער יידישער מאמע,אן אויבסט פארקויפערין אין א דורכגאנגס הויף אין ווילנע.נישט פון די הויכע פענצטער איז געקומען וועלע די פרוכט פארקויפערין,פון דער טיף פון דער יידישער ארעמקייט האט גראדע איר אויך א פעדעסטאל אויפגעשטעלט מיט אן ארעאל פון פשטות און בוטסקייט איר באלויכטן און זעט ווי די שטראלט!

אזוי איז אויך מערל פון די עגונה,א נייטארין,נישט פון אוניווערסיטעטן

און נישט פון גרויסן יחוס, אבער אין יענע צייטן האט א יידישע טאכטער נישט געוווסט פון א הפקרות ווי מיר זעען עס, ליידער, היינט. ליידט זי יארנלאנג ביהנום יסורים, פיזיש און גייסטיק, אבער, ניין! זי וועט פון דער אנגענומענער מאראל נישט אפטראטן, ביז זי קאן מער נישט אויסהאלטן, נעמט נקמה אין איר טארמענטאר און א נישט-נאפלעקטע ברענגט זי זיך אום.

איך ווייס נישט וויפל פון אונדזערע יידישע לייענער האבן נאכן אוועקלייגן דאס בוך "די עגונה" זיך פארטראכט וועגן דעם טיפ ר' דוד זעלווער, דער פאלאצקער דיין, ווי מען רופט אים אין ווילנע, וואס האט זיך צוערשט בארימט געמאכט מיט דעם הייסן יידן ברענגען געלט גלייך אום שבת, כדי צו ראטעווען קינדער וואס שטארבן פון הונגער אין רוסלאנד ביים סוף פון דער ערשטער וועלט-מלחמה - - - און יארן שפעטער, ווען ער ליידט הונגער און נויט אליין, ווייל ער איז נאך נישט אריין אין ועפד פון די שטאטישע רבנים, וואגט ער צו געבן די עגונה א היתר, זי זאל חתונה האבן, כאטש ער ווייסט גאנץ גוט אז עס דראט אים מיט נאך גרעסערע פארפאלגונגען, אבער זיין הארץ דערלאזט אים נישט צו האנדלען אנדערש.

א פרינץ פון א מענטש איז ער, טראכט וועגן אים מערל די נייטארין. פרינצן פון יידישן פארגאנגענעם לעבן, האט פאר אונדז געשילדערט חיים גראדע. לאמיר זיי נישט פארגעסן, לאמיר גראדען זיין דאנקבאר פארן ווייזן זיי צו אונדז.

איך לייען פאר "באנטשע שווייג" און עס פאלט אויף טויבע אויערן

עס איז געווארן זעכציק יאר זייט עס איז אין ווארשע געשטארבן פלוצ-לינג,אין עלטער פון צוויי און זעכציק יאר;יצחק לייבוש פרץ.ווען מען דערמאנט דעם נאמען פרץ דערפילט מען גלייך דעם דרך ארץ,די פארערונג פון אונדז אלעמען,אן אויסנאם.אזוי איז עס געווען ביי זיין לעבן און אזוי איז עס געבליבן ביים פאלק נאך זיין טויט,ביז... ביז מען האט ז י י ן פאלק פון דער ערד אפגעווישט,און די פון זיין פאלק וואס זענען צעשפרייט אין אלע פיר ווינקלען פון דער וועלט ווילן מער זיין שפראך נישט רעדן,מחוץ ישראל ווו מען רעדט עברית,אבער אידעיש אזוי ווייט פון פרצעס כלל ישראל געדאנקען גאנג ווי מזרח פון מערב...

אפשר האט דער רב אין דער גרויסער שול אויף טלאמאצקע גאס אין ווארשע געהאלטן זיינע דרשות אויף פויליש.איך בין דארט קיינמאל נישט געווען, אבער איך פרווו זיך פארשטעלן די סצענע ווי אין א מאנטרעאלער שול זיצן אין א שבת אין דער פרי א פאר צענדליק עלטערע יידן וואס וואלטן זיך-פשוט מחיה געווען מיט א יידיש ווארט און דער רב שטייט און האלט אלץ אין איין רעדן אויף ענגליש וועגן לארד און ווידער לארד,רחמנא ליצלן!

טראכט איך,ווי וואלט געווען ווען עס קומט פלוצלונג אריין פרץ מיט זיינע גרויסע,הייסע אויגן - ווי ש.ניגער באצייכנט זיי אזוי פינקטלעך - וואס וואלט דעמלט געזאגט פרץ?!

איז עס די ארבעט פון א כשוף מאכער וואס האט באר אויפגעוויי אוועקגעשטעלט ביים אויבן-אן פון יידישער דערציאונג און יידישער שפראך ,דוקא די שטריימל,יידן וועמען פרץ האט אזוי ביטער אויסגעלאכט! איז עס די ארבעט פון אן אומבאקאנטן קונצן-מאכער וואס האט אזוי ביטער אנטוישט די פירער פון א ראדיקאלער יידישער דערציאונג אז עס עקזיסטירט הייבט כמעט נישט אזא שולע אין דער וועלט? און דווקא דארט ווו מען האט געקאנט דערווארטן די גרעסטע אויפלעבונג פון יידיש,די שפראך וואס פרץ האט אזוי וווונדער-לעך באנוצט און פארטיידיקט,דווקא דארט זיינען באר קיין יידישע שולן נישטא... אפשר ווייסט איר פארוואס?

צוריקקומענדיק צו דער געשיכטע מיט באנטשע שווייג,דארפן מיר פאר

אלעם זאגן, אז געווען איז עס ארום נייננצן הונדערט פופציק, ווען עס זענען געקומען יידן פון פארשיידענע עקן וועלט, באהאלטענע, אנטלאפענע פון רוסלאנד, פון פוילן געראטעוועטע פון דער גרויסער קאטאסטראפע – – האט דעמאלט אונדזער חשובער בן עיר מלך ראוויטש, ארגאניזירט א יוגנט-גרופע, אין א זונטיק אין דער פרי בשותפות צו לייענען א קאפיטל פון דער יידישער ליטעראטור.

די ביבליאטעק האט מסתמא געהאט די אדרעסן פון די ניי-געקומענע און עס זענען געווען ארום פערציק יונגע בחורים און מיידלעך. ראוויטש האט מיר בעלאזט וויסן מיט א וואך פריער איך זאל זיין גרייט צו לייענען פרצעס באנטשע שווייג. גלייך ווי איך בין ארייננגעקומען האבן זיך אלע אורעקגעזעצט. ראוויטש האט קיין ווארט נישט געזאגט פאראויס וואס מען וועט לייענען, ער האט מיר גלייך געבעטן אנהייבן. איך בין זיכער געווען אז ער האט זיך מיט זיי פריער פארשטענדיקט אז צוערשט וועט מען פארלייענען און שפעטער וועט ער, ראוויטש, עפענען א שמועס, א דיסקוסיע. איך האב דערווארט א פיינעם "פארברענגען" ווי חסידים רופן זייערע פארזאמלונגען. עס איז אבער געשען א מערקווירדיקע זאך: איך האב געלייענט הויך און קלאר, געלייענט מיט הארץ. איך בין אליין מיטגעריסן געווארן מיט דעם ארימען באנטשע וואס האט אזוי פיל געליטן און אלץ מיט שטילשווייגן פאר ליב גענומען. כ'בין געווען זיכער אז די פארזאמלטע וועלן אלע ווי איינער זאגן אז די סאטירע איז זיכער א סאציאלער פראטעסט פון פרץ, דעם גרויסן קינסטלער, וואס קאן מער נישט צוזען ווי די מאסן ליידן און שווייגן, ווי די רייכע ווארפן זיי צו ברעקלעך פון זאטן טיש, און אזוי בעפאלן איז זייער מוט אז אפילו נאכן טויט ווען באט אליין וויל זיי פאר אלץ פארגיטיקן, פארשטייען זיי גארנישט מער ווי בעטן א הייסע בולקע מיט פוטער. ווי האט עס אונדז עמאציאנעל גערירט ווען מיר זיינען יונג געווען? צי האבן מיר זיך אליין נישט פארגליכן צו באנטשען און געפילט ווי דער גרויסער פרץ וועקט אונדז צו מעשים?! אבער יענעם זונטיק אינדערפרי האב איך אויף די פנימער פון דער יונגער חברה נישט באמערקט קיין אויסדרוק פון פאראינטערעסירונג, עפעס ווי זייערע געדאנקען וואלטן געווען ווייט פון דאנען,

אדער ווער ווייסט אפשר האבן זיי גארנישט פארשטאנען קיין יידיש?

אזוי שנעל ווי איך האב געענדיקט לייענען האבן אלע ווי איינער, ווי אויף א באפעל, זיך אויפגעהויבן, זיך אנגעטאן, און שנעל ארויס. מלך ראוויטש האט מיר אויך גאר נישט געזאגט. אויך ער איז אוועק גלייך מיט אלעמען. איך האב מער נישט געהערט איבר אזעלכע פרימארגנס זענען ווייטער פארגעקומען. איך האב דעמלט געפילט ווי עס האט אמאל געשריבן א. ליעסין, אזוי ווי איך שטיי אלץ אזוי א פריידיקער אויף א בימה א ליידיקער, און ציקל מיט א שטים א פריידיקער: אתה בראת לדעה! און אן עכא ענטפערט: משוגעת!

ארום פינף און צוואנציק יאר זענען אוועק זייט דעמלט. פיל מאל האב איך זיך געפרעגט: האט פרץ נאך אלץ א השפעה אויפן יידישן לעבן ערגעץ, ווען א יידיש קינד ווערט געבוירן.

היינט ווען ער זיך פארטראכטן וועגן פרץ, אט דעם ארי שבחבורה פון דער יידישער מאדערנער ליטעראטור, לערנט מען וועגן אים ביי די שטריימל יידן?

די גרויסע פראבלעמען מיט וועלכע מיר ראנגלען זיך היינט זענען פארשטייט זיך גאנץ אנדערע ווי די וועלכע מיר האבן געהאט מיט זעכציק יאר צוריק. צום באדויערן פעלט אונדז אזא גרויסער מענטש צו ווענען אלע האבן ארויפגעקוקט. די פאעטן און ראמאניסטן ביי יידן פון היינט זענען אוודאי גרויס לויט די צייט אין וועלכע מיר לעבן, א צייט פון קליינלעכע אידייען, מוטלאזע פאליטישנס און גלאט אזוי א וועלט, וואס ווייסן נישט אויף וועלכער וועלט זיי זיינען. מיר דוכט, אז מיר וואס האבן געהאט דאס גליק צו לעבן אין אייגענעם דור מיט יצחק לייבוש פרץ זענען אויף אייביק פארבליבן א ביסל שבת-יום-טובדיק, מיט א נשמה יתירה פראסט אויף יידיש, וואס קיין דור שפעטער וועט מער נישט פילן. לאמיר זיך פארטיפן, לייענען פרצן ווי לאנג מיר זענען ביים לעבן, און לאמיר פרווון איבערגעבן דעם געפיל אויך צו די קומענדע דורות.

## די אילוזיעס פון נעכטן און די ווירקלעכקייט פון היינט...

אויף די טעאטער זייטן פון די ענגלישע און פראנצייזישע צייטונגען האבן זיך אלע טעאטער מבינים לעצטע וואך פאראייניקט אין לויב-געזאנגען צו א יונגע יידישע פרוי פון "דאלארד-דעז-ארמא", וואס האט זיך אויסגע-צייכנט אין איר שפילן די ראל פון "אלדאנזא", אדער ווי דער אדעליקער בעל מוח דאן קיכאט רופט איר "דולצינעא". וויפל פון אונדז האבן זיך פאר-טראכט וועגן דער קינסטלערישער גרויסקייט פון סערוואנטעסעס דאן קיכאט, אדער ווי עס איז אזוי פאפולער באוווסט ווי "דער מאן פון לא מאנטשא". אויב מיר האבן בעוואלט אויסלאכן א פאנטאזיאר וואס האט, ווי מען זאגט עס דא, פייגעלעך אין קאפ, פלעגן מיר גלייך אויסשרייען: א, ער שלאגט זיך מיט ווינט-מילן! און אזוי איז עס ביי אונדז פארבליבן נאך פון אונדזער קינדהייט, אז עס האט אמאל געלעבט א שפאנישער שרייבער סערוואנטעס וואס האט זייער קלוג אויסגעלאכט דאס גאנצע וועזן פון ריטערטום און אום כדי אילוסטרירן ווי זינלאז און נאריש זיי זיינען געווען, האט ער אונדז דער-ציילט, אז אויב זיי האבן נישט באגעגנט קיין אנדערע ריטער מיט וועמען זיך צו שלאגן פאר דער ערע פון זייערע געליבטע (און געליבטע האט יעדער ריטער געמוזט האבן; א ריטער אן א געליבטע איז דאך ממש ווי א קליאמקע אן א טיר), איז ביי זיי רעכט געווען צו זען אין די פליגל פון די ווינט-מילן א מחנה שונאים ריזן, וועמען ער מוז בייקומען, און אפילו ווען זיין העלפער סאנטשא ווארנט אים, אז עס זיינען נאר ווינט-מילן, הערט ער אפילו נישט און ווארפט זיך מיט זיין שפיז אויף א פליגל פון א ווינט-מיל און ווערט צוריקגעשליידערט און צעקלאפט. און זיין העלפער זאגט אים, אז נאר איינער וואס האט ווינט-מילן אין קאפ קאן זיך לאזן אין א קאמף מיט ווינט-מילן. דאס אלץ מיינט פאר א מענטש מיט אילוזיעס גארנישט. דאס האבן די שונאים מיט כשוף פארוואנדלט די ריזן אין ווינט-מילן כדי אים, דעם גרויסן העלד, בייקומען.

דערמיט, מיט דעם אויבן געזאגטן, האב איך פארשטייט זיך קיין בייעס נישט אנטדעקט. איך האב זיך אזוי ברייט באנוצט מיט דער טעמע וואס בייט ווערן 350 יאר, זייט דער אויטאר האט באריהרט און עס קאן זייער מעגלעך

זיין,אז מיט דער טעמע האבן מענטשן זיך געראנגלט זייט זיי זיינען דא אויף דער ערד.און וועגן דעם וועל איך פרווון ארויסזאגן א פאר געדאנקען.

אלע וועלכע האבן געשריבן וועגן דאן קיכאט האבן מסכים געווען,אז כאטש זיינע מיטלען זיינען באיווע,זיינע וועגן אומזיניקע,זיינע אויפ-פירונגען מאדנע - - - אבער זיינע ציזן,זיינע שטרעבונגען,זיינע אידעאלן פרעכטיק און אל-צייטיק.ער רייסט מיט מיט זיינע רייגע פארלאנגען.ער וויל גארנישט פאר זיך.ער איז גרייט מיט זיין בלוט פארטיידיקן אן ארעם יינגל,א פאסטוך,ביי וועמען עס איז פארלוירן געגאנגען א ציגעלע און זיין בעל-הבית בינדט אים צו א בוים און שלאגט אים ביז בלוט רינט פון אים,פאר א שטראף פאר זיין נאכלעסיקייט.אין דער טעאטער פארשטעלונג זינגט ער וועגן דעם נישט-דערגרייכבארן שטערן,קיין אונטערשייד ווי ווייט.מיט אנדערע ווערטער עס זיינען אילוזיעס און גערעכטיקייט גארנישט דערגרייכ-בארע,וואס מיר האבן איבערגענומען פון פריערדיקע דורות,וואס האט אונדז געהאלטן באגייסטערט דורך אלע יארן פון אונדזער לעבן,וואס אין פארגלייך מיט זיי זעען די ווירקלעכקייטן פון היינט אויס אזוי בלאס.זיינען עס נישט געווען אילוזיעס,אז יעדער איינוווינער פון לאנד וועט האבן זיין אויסקומעניש? אז קיינער וועט נישט מער דארפן בעטלען,אז יעדער וועט קריגן אומזיסט א דאקטאר,אומזיסטע שפיטאלן און מעדיצינען.האט עס נישט אויס-בעזען ווי אן אילוזיע? און היינט איז דאך די לאגע אין קאנאדע אזא אז יעדער איינער,אן אויסנאם,האט דאך זיין אויסקומעניש.אויב עמיצער ארבעט נישט און האט נישט קיין ארבעטסלאזיקייט פארזיכערונג קריגט ער צאלונגען פון די צדקה־אינסטיטוציעס פיל מאל נאך מער ווי אן ארבעטער.און ווען איך וואג דאס צו דערמאנען ביי געוויסע גרופן קריג איך גוט אויסגעשגצט, ווי וואג איך אזוי זאגן?

ליבע פריינד! די אילוזיעס פון נעכטן זיינען מקוים געווארן.דער וואס וויל נישט פארמאכן די אויגן זעט די לאגע פון קאנאדע היינט ווי א ווילהאבנדע.די וואס לעבן אין קוויבעק ליידן פון א היפער נאציאנאליס-טישער קליקע,וואס טריפט סם אין די מוחות פון די ארבעטס מענטשן

נאך ערגער איז עס מיט א קרימינעלן עלעמענט,דאס מאל שוין אין גאנץ קאנאדע.

איידער איך קום צו דער לאגע אין אנדערע לענדער לאמיר דערמאנען די סוף-וואך 5 דערמארדעטע אין סט. ברונא,אין איין הויז.די צוויי יונגע קינדער פון 15 יאר,וועמענס קערפערס מען האט לעצטע וואך געפונען נישט ווייט פון מאונט ראיאל.נישט צוליב גזיט זיינען די אלע מארדן געווען, עמיצער איז שולדיק! געדענקט איר דעם דין פון עגלה-ערופה,ווען די עלטסטע פון דער עידה האבן געמוזט ארויפלייגן די הענט אויפן קרבן און זאגן: ידינו לא שפכו את הדם הזה.אפשר וואלט מען באדארפט דעם דין באנייען?

האבן די אילוזיעס פון אמאל געברענגט אזא מיאוסע ווירקלעכקייט פון היינט? פרעגט זיך מיט וועלכע אילוזיעס שפיילן מיר די צוקונפטיקע דורות?

איך לייען חיים גראדעס דערציילונג "דער בית הרב",וווּ ער שילדערט אונדז אזוי שיין,אז ווען נאר עס געשעט אן אקט פון רשעות ארום שטאט אדער אין שטאט,ווערט דער רב אויס מענטש,ער גייט ארום נערוועז און פארטרויערט, ער געפינט זיך קיין ארט נישט,ער איז פול מיט צער,זיינע אויגן - פול מיט טרערן.

ליבע פריינד! נאך אזוי פיל אומזיניקע מארדן,וויפל פון דער גייסטיקער עליטע פון מאנטרעאל גייען ארום נערוועז און טרויעריק,זייערע אויגן פול מיט טרערן?

דאס הארץ פון דער וועלט איז קראנק!!! מיט וואס פארא אילוזיעס זאל איך מיינע קינדער שפייזן? די פיזישע פארלאנגען וואס האבן געקאסט אזוי פיל קרבנות צו דערגרייכן,זיינען דאך שוין דא.זאל איך זיי הייסן שטרעבן צו די נישט-דערגרייכבארע שטערן?

איצט איז שוין צייט צוריקצוגיין צו אונדזער היימישן יידישן וועלטל. ווען יידן האבן זיך געפונען אין א קלעם האבן דאך יידן אלע מאל געגלויבט, אז גאט איז מיט זיי און דורך די אלע יארן ווען יידן האבן נישט געהאט קיין אייגן לאנד און זיינען דערפאר געשלאגן געווארן ביז טויט פון אזוי פיל פעלקער פון דער וועלט,האבן דאך יידן אלץ געגלויבט אז אויך שכינתה בגלותה.זאל מען נישט איצט ווען דער אידעאליזם פון דער וועלט האט זיך

אויסגעוועקט,ווען די גרויסע מערהייט פון דער יוגנט ארום אונדז איז צייניש אין פארגעניגן זוכן,קאן מען נישט געבן א נייעם אימפעט צו די אספיראציעס פון די יונגע און (כ'רעד דא דורכאויס וועגן די בעסערע פון זיי) אויב עס וועט אונדז געלינגען זיי איבערצייגן,אז עס ליגט אין זייערע אייגענע הענט צו אנהייבן א פערטע עליה.עס איז דא גענוג באדן פאר נייע איניציאטיוון צו כויען א לאנד פארן פאלק און פאר זיך.מיר דוכט אז די גייסטיקע פירער ביי יידן הייגט פארנאכלעסיקן א וווגדער־ בארן עלעמענט.זאל אונדז געלינגען צו לינקען א גרופע נייע פיאנערן אין ישראל,ווער ווייסט וואס פארא וווגדערבארע רעזולטאטן מיר קאנען דערגרייכן?

כ'בין זיכער אז די אילוזיעס פון הייגט וועלן ברענגען בעסערע ווירקלעכקייטן מארגן.

## ש ב ו ע ו ת

עס איז די וואך פון שבועות,אלץ בליט,דאס גראז איז גרין.איך אבער ווייס נישט ווו מען טוט זיך אהין.נישט קיין צו געלונגענער גראם,זאגט איר? א "קיל דזשאי",ווי מיין זון רופט מיך,די וועלט איז דיר צו קליין, אויף אין מאי קלאגסטו דיינע איכה לידער!

ניין,מיין קינד! די וועלט איז גרויס,די נאטור איז שיין,איך וויל דורכאויס זינגען שיר השירים,אבער נעכטן האט די ראדיא געשריגן,אז אבא איבן,אונדזער גרויסער דיפלאמאט פאר עקסעלענס,איז ארויסגעקומען מיט א זאג,אז די פארהאנדלונגען וועגן שלום צווישן מצרים און ישראל זענען אפ-געבראכן געווארן צוליב ראבינען,דעם יידישן פרעמיערס,שולד.און אן אנדער גרויסער יידישער פירער,א פערזענלעכקייט פאר אזויפיל יארן,נחום גאלדמאן, האט בעזאגט,אז ד"ר הערצל האט זיך גארנישט געקענט מיט די אראבער אין ארץ ישראל.ער,גאלדמאן,ער ווייסט עס אמבעסטן ווי אזוי מען דארף האנדלען מיט אראבער,ער איינער און וויטער קיינער.דערפאר,מיין קינד,ווייס איך נישט ווו מען טוט זיך אהין.איך פרעג זיך אליין,קאן עס זיין אז צוליב אזעלכע זאגעכצן זאל נאך אמאל חלילה וחס חרוב ווערן ירושלים?אויב צו-ליב קמצא און בר קמצא,צוליב איין מענטש וואס איז ארועק עסן א קיכל ביי מלכות איז עס איין מאל געשען? קאן עס זיין,אז איבנס א פערזענלעכע עוולה האט גורם געווען ער זאל אזוי באטריגעריש ארויסטרעטן,איז ווו טוט מען זיך אהין? און גאלדמאן,וואס האט,דוכט זיך, ביז איצט בעהאט ווייניק קעגנער ביי יידן,דווקא ער זוכט נאך אלץ מער כבוד און כדי עס וואס מער דערגרייכן געפינט ער איצט פאר נייטיק אויף הערצלען קריטיקירן,זאל עס מיינען,אז ער וויל די געשיכטע זאל אים פארשרייבן ווי א גרעסערן פון הערצלען?

נון,האב איך זיך,הייסט עס,אפגעפארטיקט מיט די נייעס פון טאג,מסתמא קיינעם נישט קאליע געמאכט די שטימונג,איר האט דאך אוודאי נישט געטראכט פון אזא נארישן גראם ווי איך האב אנגעהויבן?

אייגנטלעך האב איך גאר בעוואלט א נאמען געבן מיין עסיי "פון אברהם ליעסין ביז ארן ווערגעלים",ווייל ליעסין וואס איז געווען אזוי פיל

יארן באַרימט ווי א רעוואָלוציאָנערער דיכטער שעמט זיך גאָרנישט,שוין באַלד ביי די ענדע פון זיין לעבן,און שרייבט וווּנדערפֿולע נאַציאָנאַלע לידער,וווּ ער דריקט אויס זיין באַגייסטערונג פאַר העלדן פון אַמאָל,וואָס זיינען געגאַנגען אויף קידוש השם.די לידער זיינען געשריבן אַזוי מייסטעריש און אַזוי הייליק,אַז מיר,און די ציניקער צווישן אונדזערע דיכטער,וואָס שרייבן מעשה "בלאָטן" מעשה נישט געווען - נישטאָ - און - וועט נישט זיין - מעגן בויגן אונדזערע קעפּ פאַר דער ריינקייט,ערלעכקייט און שיינקייט פון זיינע לידער.אפשר וועט קומען א צייט ווען יידישע קינדער וועלן ווידער לערנען און לייענען ליעסינען.ליעסין שרייבט אין א ליד מיטן נאָמען "שבועות",וווּ ער זיצט א שלאָפלאָזער,באַרוישט און אַנטציקט און שטום און שוועבט אין זעאונגען אין וווּנדערלעכע אום.דאָס ליד איז געשריבן אין ניו יאָרק אין יאָר 1924 און עס פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: איך ליב דיין תורה,משה.ליכט און ריינקייט דעם טאַטן און די מאַמען אַלע גוטע לייט/איך ליב דיין יום-טוב,משה,וווּ דיין פּנים העלט/די ווייסע נאַכט,די רויטע זון,די גאַנצע וועלט.

ווי איר זעט האָט ליעסין,דער גרויסער סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער, זיך צוריקגעקערט צו דער וויזיע,ווי עס האָט אויסגעזען מיט פּערטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק,ווען זעקס הונדערט טויזנט יידן זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני.ער שעמט זיך גאָרנישט צו פּראָקלאַמירן זיין פרייד מיט משהן תורה,וואָס איז געשען אין שבועות,מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק.זאָל עס מיינען, ער האָט בוכשטעבלעך געגלויבט,אַז אַזוי איז עס געשען? דאָס ווייס איך נישט. אינטערעסאַנט אָבער צו וויסן,צי וואָלט א הייַנטיקער ליבקער דיכטער אַזאַ באַגייסטערטע וויזיע פאַרעפנטלעכט?

אַנדערש,גאָר אַנדערש,שרייבט אונדזער הייַנטצייטיקער פּאָעט וווּרגעליס. ער איז אַזוי צופרידן מיט זיך,אַז ער שרייבט אין זיין ליד מיטן נאָמען "מענטש":

ליכטיק און צעבליט פליסט מיין לעבנס טייך
צווישן פראָסט און היץ,צווישן קרום און גלייך,
צווישן אַלט און יונג,צווישן פרוכט און צוויט.

האסטיק איז מיין שווונג,קיין איינהארע ניט.
בין איך מיר א פרינץ אינעם מלכות פעלד,
אינעם מלכות-וואלד,אין דער מלכות וועלט.

ווערגעלים רופט נישט זיין ליד,,שבועות",מען וואלט אים דארט זיכער פארשטיינט ווען ער וואגט דערמאנען שבועות גאר.אבער ווער ווייסט,אפשר איז א פונק פון ליעסינגס באגייסטערונג פאר מתן תורה אריין אין ווערגע-ליסן און ער האט אזוי ארום בעזונגען זיין פרייד-געזאנג,נישט ווי סנדיק פארוואס?

איידער איך לייג אוועק די פעדער פון האנט,טראכט איך וועגן די מח-לוקה צווישן די ארטאדאקסישע און קאנסערוואטיווע רבנים,וועגן דער פראגע פון פארן שבת אין שול,וועגן דער פראגע,אויב מען זאל דערלויבן מענער און פרויען צו זיצן צוזאמען,אויך די פראגע,ווער מעג יא און ווער נישט גיבן חופה וקידושין,און ווער מעג געבן גטן?

מען באשולדיקט די רבנים אז זיי דערפירן צום חורבן פון יידישקייט, אז גויים ווערן פארעכנט פאר יידן צוליב זייער שולד א.א.וו. זעט עס מיר אויס אז די באשולדיקונג איז א פאלשע.נישט די רבנים האבן געמאכט די בעלי-בתים זינדיק,נאר פארקערט: די מערהייט יידן פון די קאנסערוואטיווע שולן ווילן נאר אזא יידישקייט ווי זייערע רבנים גיבן זיי,והא ראיה,ווען די בעלי-בתים ווילן אנדערש קאנען זיי דאך דעם רב אוועקשיקן און נעמען אן ארטאדאקסישן רב.און אויב דער רב וועט הייסן אלע מענער אוועק פון זייערע פרויען אויב זיי גייען נישט אין מקווה,וועלן זיי דען פאלגן? און דאס זעלבע מיט פארן שבת אין שול.אויב מען וועט אזוי פינקט-לעך אפהיטן מען זאל שבת נישט פארן,וועלן מער נישט זיין אפילו די ביסל יידן וואס קומען נאך אלץ אין שול.און דער פאקט איז,אז די יידן וואס היטן נישט דאס יידישקייט אויפן ארטאדאקסישן שטייגער גיבן געלט אויסצו-האלטן אלע יידישע אינסטיטוציעס און קיינער וועט זיי נישט צווינגען צו ווערן אנדערש.אויב די פרומע ווילן באווייזן אז זיי זיינען דאס אויבער-שטע פון שטויסל קאנען זיי עס נאר טאן ווען זיי ברענגען אראפ משיחן.

אזוי ווי עס איז די וואך פון שבועות,מיין זון האט בעפרעגט קשיוה,
ער איז איין א זעלטענער שטימונג,גרייט אויסצוהערן דעם אלטן טאטנס
מעדיטאציעס,וועל איך,פארשטייט זיך,נישט בלייבן צינ'יש,מיט הייסן די
פרומע ברענגען משיחן.איך באמי זיך אזוי פשוט ווי איך קאן נאר,אויסטייטשן
די בייע 10 געבאט פון יידן אין אמעריקע.זיי זיינען פראקטישע מענטשן.
זיי ווייסן עס וויל,אז די האפענונג אז עמיצער וועט קומען פון ווייטן
און צונויפנעמען יידן פון אלע לענדער און וועט זיי אלע מאכן פאר די
הערשער פון דער גאנצער וועלט,און אלע פעלקער וועלן זיך בוקן צו יידן
און שרייען דער יידישער גאט איז דער איינציקער אין דער וועלט.אט א-די
אלטע האפענונג האט זיך בפירוש אויסגעוורע ט.צופיל ליידן,צופיל צרות,
האבן יידן שוין מיטגעמאכט! אויב עס איז אזוי איינפאך דער גלויבן אז
דער יידישער גאט איז אן אל מלא רחמים,ווי די חזנים זינגען אזוי שיין
און אזוי טרויעריק אויס,האט דאך משיח בעדארפט קומען נאך מיט טויזנטער
יארן צוריק.אויב ער שיקט נאך אלץ נישט משיחן איז דאך א סימן,אז ער
איז גאר אן אל קנא ונוקם - - - .

אין דער אמהן איז דאס אלץ געזאגטע דאך נאר א משל,מיר ווייסן דאך
אלע אזוי.האט מען דאך אונדז בפירוש געלערנט,אז גאט איז נישט קיין גוף
און קיינער וואס קומט ארויס פון א קערפער,קאן קיינמאל נישט באגרייפן
וואס איז גאט אזוינס... איז עס דאך זייער קליינלעך צו שרייען צו גאט:
איך לויב דיך גאט,איך בענטש דיך גאט,און דערפאר זיי גוט צו מיר און
בענטש מיך אויך און שיק מיר שנעל דיין משיח!

אויף דער פראגע,אויב די נאטור ארום אונדז איז אזוי שיין,צי האט
עס דען געקאנט קומען אליין?

מוזן מיר ענטפערן,אז דער וועלט-אל,דער אוניווערס,איז אזוי גרויס,
אזוי אומגעהויער,ווי גרויס און אומגעהויער האט בעמוזט זיין א גאט דאס
אלץ צו באשאפן.און אויב ער איז נאר אזוי גרויס ווי א מענטש,ווי קליי-
נלעך מוז זיין אונדזער אויפפאסונג,אז מיר גלויבן אז גאט,די גרויס פון
א מענטש,האט געקאנט באשאפן אזא אוניווערס.איז עס דערפאר נישט נאריש

צו טראגן ציצית,צוקלאפן מזוזות,לייגן תפילין.מענטש,באזין זיך,דו לעבסט נישט אין אלטערטום,נישט אין מיטלאלטער,קוק אויפן קאלענדאר!

אמת,מען זאגט מיר אז פיל געלערנטע מענטשן האבן זיך צוריקגעקערט צו די אלטע,קאנסערוואטיווע פארמען פון גלויבן.וואס באווייזט דאס דען? האבן זיי דען נייע וויזיעס דערזען,אדער עס האט זיך פאר זיי א וואקיום געעפנט,א ליידיקייט,און זיי קאנען אין דער ליידיקייט נישט לעבן.מיר זעט אויס,אז פונקט ווי מען האט די אמאליקע צעפייניקטע יידן געטרייסט מיט יענער וועלט,אז זיי וועלן,הייסט דאס,לעבן נאכן טויט,אז דאס לעבן דא איז נאר א פרוזדור,דער טרקלין,דער פאלאץ,וועט ערשט זיין דארטן.אזוי בעטעט עס מיט אלע פעלקער אדום,אדער אדער רייך.עס געפינען זיך אפ אזויגערופענע הייליקע,וואס זאגן צו "פיי אינדע סקיי".און מענטשן,גרויס און קליין, דוכט זיך,קלוגע,געלערנטע,כאפן זיך אן.עס איז ווירקלעך א "פענאמינען", אז די לעצטע יארן האבן דווקא די פאנאטישסטע חסידים געצויגן אנהענגער און וועלטלעכע אידייען זיינען כמעט גאר נישט פאפולער.אבער דאס,דוכט זיך מיר,איז שוין גאר אן אנדער טעמע.

אין דער וווּנדערלעכער באַלאַדע וועגן "דער דוינע און דעם פּריילעכס" פון שלמה רויטמאַן, זאָגט דער פּאָעט, אַז עס הערט אים נישט אויף צו קלינגען אין אויער ווי אין אונדזער פריילעכס איז אַריין דער דוינעס טרויער:

מיין דוינע-פּלייט, מיין דוינע קוויט, וואָס שטייסטו אָנגעבויגן,
וואָס איז דער גאַנצער דניעסטער גאָר אַ טרער אין דיינע אויגן?
און ווייטער פרעגט אַלץ די דוינע ביי דעם פריילעכס:
צי האָבן טאַקע אָפּגעוועלקט ביי דיר די יונגע תאוות,
די יידישע, די חסידישע, די ב...יטע התלהבות?
וואָס ביסטו אַזוי הייזעריק, ווי קענסטן זיין אַ טריבער?
מיין יידעלע, מיין לידעלע, מיין פידעלע, מיין ליבער?
אויסהערנדיק אַלע פראַגעס ענטפערט איצט דאָס פריילעכס:
אוי דוינע, איך, דיין פריילעכס, בין נישט לאַנג אַרויס .פון גריבער,
און פאַר מיין טאַנצנדיקן ניגון האָב איך נישט קיין שטעטל,
און אויף צו ליבן זיך האָב איך נישט קיין בעטל.
און אויף אַ פידל מאַכן האָב איך נישט קיין ברעטל
ווייל בלויז לעצטן ברעטל איז אַוועק מיט דויך מיין שטעטל.

ווייל איך בין אַזוי נייגעריק געווען צו לייענען די ערשט-אַרויס-געגעבענע אַנטאָלאָגיע "קאַנאַדיש", און עס האָט מיך אַזאַ צי געגעבן דער נאָמען אהרן קרישטאַלקאַ... דאָס וווּנדער קינד פון קאַנאַדע, דער יינגסטער צווישן די אַרום 50 נעמען, וואָס באַטייליקן זיך אין בוך און אויך מסתם דער גרויסער וווּנדער פון אַלע גלות-לענדער וואָס האָט שוין צום 13 יאָריקן עלטער געדרוקט אין מאָנטרעאַל אין יאָר 1953 אַ בוך מיטן נאָמען "גוט מאָרגן דיר וועלט"... דעמלט, אין יאָר 1953, האָט אהרן טאַקע אָנגעהויבן מיט נאַטור-לידער. זיין ערשט ליד הייסט דאָרט "עס שאַריעט אויף טאָג; דערנאָך קומט אַ ליד "פרילינג", "האַרבסט", "שניי", "נאָכן רעגן", "פרילינגדיק". אָבער אין זעלבן בוך איז דאָ אַ ליד געשריבן אין 1951, מיינט דאָס, ווען דער מחבר איז 11 יאָר אַלט געווען, וואָס הייסט "צום נצחון", וואָס איז אַ געוואַלטיק נאַציאָנאַל-פּאַטריאָטיש ליד וועגן אַמאָליקן קאַמף צווישן יידן און גריכן, און ער ענדיקט דאָרט דאָס ליד אַזוי שיין:

מכבי - ביי אונדז אין זכרון רוסט,
ווי א פונק פון לעבן וועסטו טליען,
ווי א פלאם וועסטו אייביק גליען.
שטאלצט און שיינט מיט דיר די וועלט,
מיט דיר יהודה אונדזער העלד.

און אויך זיינען דארט דא לידער פאליטיש רעוואלוציאנערע אזעלכע ווי "ווילי מעקבי" פונעם ציקל "שעם זיך אמעריקע". און אויך שטארקע און ברויסע חורבן לידער, וואס איך האב דעמלט געטראכט, אז זיי זיינען געווען א דירעקטע פארזעצונג פון דער פיינער יידישער דערציאונג. ערשט אין דער אנטאלאגיע "קאנאדיש" דערוויס איך זיך, אז צו 12 יאר האט ער שוין געהאט דורכגעלייענט די גאנצע יידישע חורבן ליטעראטור. געווען איז דארט אפילו א ליד "פארגעסט נישט", ווו עס איז דא אן אנצוהערעניש וועגן די שילומים געלטער פון די דייטשן. נו, דוכט זיך, פאר א קינד פון 13 יאר איז עס דאך ווירקלעך געניאל. דערפאר האב איך זיך אזוי געכאפט פריער פאר אלע אנדערע, וואס זאגט אונדז איצט אהרן קרישטאלקא?

אין א ליד "צו קאנאדע", וואס איז געשריבן געווארן 3 יאר נאכן ארויסגעבן זיין ערשט בוך לידער, הויבט ער אן מיט די ווערטער:

מיין ליד זינג איך צו דיר לאנד מיינס, קאנאדע,
ס'איז נישט קיין סאנעט און נישט קיין באלאדע.

נאך 14 שורות פרעגט ער, צי ביסטו מיין לאנד?

אוודאי, אוודאי, ביסט לאנד פאר יעדן פאלק - א הים און ערד,
ביסט לאנד פאר סקאט, פראנצויז, ענגלענדער און אירלענדער
פון ייד, פון רוס, פון כינעזער און פינלענדער,
פון שווארץ און געל, און ווייס און ברוין.

און אזוי גייט אוועק א באשרייבונג פון די וואונדער פון קאנאדע און עס ענדיקט זיך באנאמאל מיט די ווערטער: מיין ליד איך זינג צו דיר לאנד מיינס, קאנאדע/געזינגערט ווערט מיין גאנג/איך גיי מיט דיר האנט אין האנט לאנד מיינס, קאנאדע. און נאך א מאל א ליד "קאנאדער טייכן", ווו ער זאגט: שטראמט פריי, שטראמט פריי, ווי דער ווינט וואס פליט פריי, ווי דער שטראמל

וואס שפיגלט און בריט.

און דאס לעצטע ליד,איבערגעדרוקט זעט אויס פון זיין ערשטן בוך, "מאונט-ראיאל".ווי שלום ושלווהדיק ער שילדערט א זומער סצענע אויף די מאנטנס און ער ענדיקט מיט אן אידעאלע באשרייבונג וועגן קארטיעס מא-נומענט,ווי שיין ער פארייניקט אלע 9 פראווינצן וואס זיינען געווען אמאל אונטערן שארף פון פרעמדער שווערד,נאר ס'האט דאס פאלק זיין פאר-שקלאפער פון אונדזער לאנד צעקערט: אונדזער לאנד פון פארשיידענע פעלקער, ראסן,געבויט נישט אויף בלוט פארגיסונג - נאר צו אקערן און זייען אויף ברויט פארן ווילדיין פון פאלק זיך איבערגעבן,פאר א פריידיק קאנאדע, פאר א שלומדיק לעבן.דער מלאך פון שלום פליגל צעשפרייט,בענטשט די שטאט מיט געפלאכטענער בלומען בייט - - - - - - -

אפשר האב איך געהאט א טעות ווען איך האב דערווארט צו טרעפן א ביסל פון דער דוינעס טרויער אין דעם פריילעכס פון קאנאדע.אויב א קינד פון 13 איז געווען אזוי געפילפול צו אויסדריקן פון מיטגעפיל און צארן צו לאנג פארגאנגענע צייטן,האט מען דאך געקאנט דערווארטן א שטאפל-ארויף צו גרויסע נאציאנאלע,אדער,לאמיר זאגן,אינטערנאציאנאלע,אל-מענטשלעכע סענטימענטן,וועט עס פון היינט אן נאר בלייבן ביי דעם פיין בעל-הבתישן:

צו דיר איך זינג לאנד מיינס,קאנאדע!?

ווען איך שרייב די ווערטער האב איך ערשט געהערט אז אונדזער אהרן איז מיט מזל געווארן א טאטע פון א פיין יינגעלע.איך ווייס אויך,אז ער איז א לעקטאר פון געשיכטע און פילאזאפיע,היינט שוין 35 יאר אלט. קאן עס דען זיין אז ער וועט זיין צופרידן מיט זיין גורל און נישט שטרעבן צו נייע הויכע אטריבוטן?

פון דעם יינגסטן פון אלע אין דער אנטאלאגיע "קאנאדיש" - צו דעם עלטסטן פון זיי,צו מלך ראוויטש.ער איז פארטראטן מיט 2 זאכן,איינע "טראנס-קאנאדע",איז געשריבן אין יאר 1934 און די צווייטע רופט זיך "די קו" און עס האט אן אונטערקעפל - עלעגישער דיאלאג אין די לארענשען בערג. מעגלעך אז דער אייגענער דיאלאג האט געקאנט געפירט ווערן אין סאי וועלכן דארף אדער שטאט,ווו עס געפינט זיך נאר א קו,און עס איז

איך מעגלעך אז ראוויטש האט אזא דיאלאג געפירט אין געדאנק אפילו נישט קוקנדיק אויף א קו,אבער ביים סוף זאגט ער אונדז,אז ער האט אנגעהויבן שרייבן דעם דיאלאג אין די לארענשנס אין יאר 1946 און פארענדיקט אויף די הרי יהודה אין 1956.איצט פרעגט זיך: א דיאלאג מיט א קו דארף נעמען צען יאר צו אנשרייבן? נון,אזוי ווי מיר מיינען אז אין יעדן פון אונדז געפינט זיך א באהאלטענער טאלאנט צו שרייבן איז לאמיר זיך פארמעסטן מיט ראוויטשן און שאפן אזא פיין באטעמטן דיאלאג,לאמיר זאגן,מיט א קעלבל!

געגנוב געפאסט! איך ווייס עס זייער גוט אז ראוויטש האט אזוי פיל גע-שריבן און אזוי פיל ערנסטע,טיף פילאזאפישע לידער געשריבן,אז מען פארלירט זיך פשוט ווען מען הייבט אן קלייבן.ווייס איך נישט אויב ראוויטש אליין האט אויסגעקליבן דאס ליד,ווייל עס איז נישט געווען געדרוקט ביז איצט, אדער גאר ווער ווייסט,אפשר רעפלעקטירט עס די שטימונג פון אונדזער בן-עיר הייגט.

לאמיר א ביסל א רעד געבן וועגן אינהאלט פון אזא דיאלאג צווישן מענטש און קו...

אין א זומער פארנאכט איז ראוויטשן אנטקעגן געגאנגען א ווייס געפלעקטע קו און פלוצלונג א פרעג געטאן סתם אזוי: - מממו? האב איך באלד צום הימל א הויב געטאן די שאלה: א,גאט,אפשר דו וועסט מיר זאגן וואס צו ענטפערן דער אומעטיקער און קלוגער קו? אבער די קו האט נישט געווארט אויף אן ענט-פער און מיט אירע אויגאנעס ווי צוויי קוואלן מיט רו האט זי,דוכט זיך, געזאגט - קום צו מיר,וועד דו זאלסט נישט זיין דו מענטש און פון ווו - - - קום און זיי מיט מיר און איך וועל דיר יעדן אוונט שענקען א טעפל מילך פאר דיין געזונט און רו - - -

און ווייטער דערציילט ראוויטש אז צו דער קו איז צוגעקומען א קעלבל און ביידע האבן שלוהדיק געשוויגן זייער געטלעכן דועט,און דער פאעט הערט ווי ביידע,די קו און דאס קעלבל,רופן אויס: קום נענטער,מיר ווילן פון דיר גארנישט,מיר דינען דאס געבן און דאס געבן איז לעבן און דאס לעבן איז

גאט,דאס איז פראסטער פון פראסט און פשוטער פון פשוט די גרויסע אנטפלעקונג און באשיידונג פון סוד... קום מענטש צוריק! קום

ייד און נישט שרעקן זאל דיך אונדזער סוף,באט וויל אזוי מסתמא,איז עס גוט.אזוי איז זיין אייביקער דרך פון לעבן; איין אנהייב מעלקט מען מילך, ביים סוף מעלקט מען בלוט.און ווי זיי האבן אויסגעשוויגן אט די לעצטע ווערטער האבן זיי פון מיר זיך אוועקגעקערט און צוריק אריין אין די בערג, טייכן,הימלען,זייער גן-עדן אויף דער אומעטיקער ערד.און אויך איך האב פון פלויט זיך אפגעשיידט פאוואליע,מיט מיין הארץ פול מיט אומרו,פול מיט בענקשאפט נאך רו.און איך האב געטראכט אז שוין לאנג,און אפשר קיינמאל האט קיינער אזוי קלאר צו מיר גערעדט,ווי די קו - - - און א בת קול האט צו מיינע אויערן דערטראגן פון די בארג-שפיצן דאס ווארט פון אלע ווערטער: ממון!

איך פיל בפירוש ווי נאך אזא עלעגיש ליד וואלט עמיצער געדארפט אויס-זינגען א שלוש-סעודה ניגון און מיר וואלטן באטש א פופצן מינוט געדארפט פארברענגען שטיל,ווי שטיל עס האט אוודאי געפילט ראוויטש אויף די הרי-יהודה ווען ער האט פארענדיקט אט די שיינע עלעגיע "די קו" - - -

איך וועל,פארשטייט זיך,באכאמאל שרייבן וועגן "קאנאדיש".

# אהבת הבריות און אהבת ישראל

שמואל ראזשאנסקי,וואס האט אנגעשריבן אן ארייננפיר צו דער אנטאלאגיע "קאנאדיש" פון 14 זייטן,פארענדיקט די עסיי מיט די ווערטער:יידיש קאנאדע איז א הויכפונקט אין דעם יידישן לעבן - - - קאנאדער יידיש מיינט זיין עמכדיק און זוכן א סינטעז פון יידישקייט פון דא און דארט און 'אלע ארומעטומען' אויף דער פאן פון אלוועלטלעכקייט.

ווייס איך נישט,צי זאל דאס מיינען אז די יידישע שרייבער וואס וווינען אין קאנאדע אידענטיפיצירן זיך מיט אלע יידן פון אלע לענדער,אויב נישט, וואס דען מיינען די ווערטער: קאנאדע איז א הויכפונקט אין יידישן לעבן? און פארוואס שטרייכט ראזשאנסקי אונטער דאס ווארט ע מ כ ד י ק.ער זאגט דאך פיל מאל אז דווקא די לומדים און די תורה לערנער האבן ארויסגעגעבן א דור וואס האט באריימט געמאכט קאנאדע,און מאנטרעאל בפרט,ווי אן עיר ואם בישראל,וואס האט פארמאגט די מערסט אנגעזעענע שרייבער איינגעשלאסן י.י.סיגאל,וועגן וועמען ער ציטירט פון יעקב גלאטשטיין,אז ער איז געווען אן ארון קודש פאר דער יידישער שול.

דערפאר,דוכט זיך מיר,אז דער אלץ-ארומנעמענדיקער געפיל וואס מען קריגט נאכן דורכלייענען און פארטראכטן זיך וועגן כמעט אלע פאעטן און נאוועליסטן וואס באטייליקן זיך אין בוך איז... - א ה ב ת י ש ר א ל - און איך נעם דא ארייין יענע וואס האבן זיך געריסן זייער גאנץ לעבן לאנג צו וועלט באפרייונג - האבן כפירוש מורא געהאט זיך אפזונדערן אין א יידיש געטא און האבן אפשר געמיינט,אז צוליב דעם וואס די גויים האבן זיך דערוווסט פון אונדזערע אתא בחרתנו תפילות,דערפאר האבן זיי אונדז פיינט.אפילו פון זייערע לידער הער איך ארויס א וווּנדער ליד פון אהבת ישראל און אין דעם הינזיכט איז עס,פארשטייט זיך,נישט קיין אונטערשייד אויב דאס ליד אדער דערציילונג ווערט געשריבן אין קאנאדע,אין אמעריקע, פראנקרייך,רוסלאנד,אדער אפילו ארץ ישראל.דער עיקר וואס א ייד מוז פילן, און פילט זיכער אין אלע צייטן און אין אלע לענדער,איז דער געפיל פון אהבת ישראל - - - - איך וויל דא,דרך אגב,דערמאנען לשבח אן עלטערע יידישע פרוי אין מאנטרעאל וואס האט זיך ארויסגעצייכנט אין פארטיידיקן אלגעמיינע ליבקע שטעלונגען,האט ערשט עטלעכע וואכן פאר איר טויט,זיך

פארטרויט פאר מיר,אז נאך דעם ווי די לייענט אין די בייעס פון טאג די געשעענישן אין ישראל,פארלירט זי לגמרי דעם אינטערעס ווייטער צו לייענען די צייטנג...

ליב האבן ידן,מיינט חלילה נישט,אז מען דארף אלע אנדערע פיינט האבן. אבער עס איז דאך אזא אייזערנע לאגיק אז א מענטש וואס פארלאזט אייגענע און טשעפעט זיך צו צו פרעמדע,וועט פון די פרעמדע אפגעווארפן ווערן און וועט בלייבן הענגען אין דער לופטן.אגב,אויב א ייד האט נאר א קליין ביסל געלערנט אונדזער פארגאנגענהייט,מוז ער דאך בלייבן אייביק שטאלץ צו זיין א ייד.נאר שוואכזיניקע,אדער פשוט אומוויסנדע זוכן בייע געטער און בלייבן,פארשטייט זיך,שנעל אנטוישט.איך רוף דערמיט קיינעם נישט צוריק אין געטא.כ'בין זיכער אז יעדער מיט א ביסל אינטעליגענץ וועט פארשטיין אז דא רעדט זיך וועגן אינערלעכן געפיל אין שייכות מיטן לייענען די אנטאלאגיע "קאנאדיש".טא לאמיר צוריקגיין און ציטירן איין שורה פונעם ערשטן ליד פון בוך נ.י.גאטליבס "געקומען כ'בין צו דיר".ער זאג-ט ארט: ס'וויינט אין מיר מיין הארץ,מיין יידיש וואגל הארץ - - - און י.י. סיגאל זאגט אין צווייטן ליד "מיר די אלטע פון מזרח ארומקריכערס איבער די זאמדן,מיר שטעלן זיך אפ ביי פארנאכטיקע גרעניצן אפרוען אייננזאם". און א.ש.שקאלניקאוו שרייבט,אז ווען ער איז געקומען קיין מאנטרעאל האט ער מיט זיך געבראכט א קוישל,ווי אין א פויגלנעסט איז מיין טאטנס וועלט-וועלט געלעגן: תפילין,א טליה קטן און א סידור,ליבשאפט,ברכות און בענק-שאפט טרערן,פון יונגע שוועסטער און ברידער.און פאלק זאלף באשרייבט ווי ער קומט אן ווי א פארם ארבעטער און ער דערוווסט זיך שנעל,אז דער פארמער וואס האט אונטערגעשריבן אן אפליקאציע פאר זיין דערלויבעניש צו קומען קיין קאנאדע דארף גארנישט קיין ארבעטער און ער פירט אים גלייך אויף צומארגנס קיין וויניפעג צו אייגענע יידישע ברידער צו זוכן א דאך איבערן קאפ.

און אזוי בלאט נאך בלאט אין דער ערשטער אפטיילונג פון בוך,וואס רופט זיך "צווישן צוויי אקעאנען",זעט איר די געפילן פון ייד בעת ער קומט צו די ברעגן פון קאנאדע.און ווייטער קומען טיילן וואס רופן זיך

"אונטער שכיי און זון" – און נאך א טייל ווו עס זיינען געדרוקט לידער פון אונדזער פריינד און לערער שלום שטערן, וואס רופט זיך "איבער דער ברייטער ערד פון קאנאדע". דארט זיינען דא זייער פיינע אויסצוגן פון זיין בוך "דאס ווייסע הויז". איך קאן זיך נישט אפהאלטן פון ברענגען א פאר שורות פון זיין ליד "אין גאנג", ווו ער זאגט:

ביים פארמער אין מויל זשארעט זיך די דיקע אנגעשטאפט מיט טאבאק –
די נייע קארטאפל שמעקן מיט פריש ערד פון פולן זאק –
דער הימל צעשטראלט און רויט,
די פארמערקע ביים פלויט –
שמייכלט גוטמוטיק און בענטשט:
מיט גליק דיין קומען! פרעמדער מענטש.
א שטוב א שורעל, א הילצערנע באנק,
דורכגייער, רו אפ פון דיין גאנג – – –
ביסט אויף א נייי ארט
טרינק קאלטן עפלזאפט פון דער גאנצער פולער קווארט.
די פארמערקע טרייסלט מיט די רויטע לאנגע צעפ
דא אין זון פארגאנגנ שטראלט יעדער שטיין –
אין אפענעם פעלזנסטעפ – זי הוידעט זיך אויף די הויכע פארברוינטע פיס
זי לאכט און ווינטשט: דורכגייער! אין דיין יונג הארץ די גלוסטונג צו פרויען פארשליס
וועט גאט גיין מיט דיר אין פריד
און וועט תמיד היטן דיינע טריט–––
דער פארנאכט איז בלוי,
דאס גראז ווייס פון טוי,
ווערלויל שפריינט צוריק און די זון ווארפט אויף די ביימער-שפיצן אירע רויטע שטראלנשטריק.
דאס וואסער פריש און ריין, שלאגט פון צעלעכערטן שטיין.

פרעכטיק! איך לייג פאר צו ברינגען א פאעטיש ווינקל,ווו איך וועל זיין דער ערשטער וואלונטיר צו לייענען א פולע שעה לידער פון שטערנס קאליבער.גלויבט מיר,אז אין אזא פלאץ וואלטן מיר געהאט דאס גרויסע פארגעניגן פון דורכלייענען "דאס ווייסע הויז" פון אלף ביז הו.לויט מיין השגה וואלט עס אמוויזיקסטן געווען אזוי אנגענעם ווי די אפשוי-לעכע פארנאגראפישע פילמען,ווו זיי הייסן זיך געבן $3.50,נישט ווייניקער, ווי מיינט איר?

איצט,צוריק צום בוך קאנאדיש!

צווישן אזוי פיל קליינע און גרעסערע לידער איז דא א ליד,און אפשר וואלט מען עס גאר געדארפט רופן א דראמע,וואס הייסט "דער ים און די ערד און די נאכט" פון חוה ראזענפארב.לויטן נאמען ווייסן מיר ערשט גארנישט וועגן וואס עס וועט זיין די רייד.ווייזט זיך ארויס אז אין חוהס געדאנק האט זיך אויסגעפורעמט א ווילדער עראטישער אקט צווישן דעם ע ר, דער ים און די ז י , די ערד.היינט ווי קומט דא אריין די נאכט, זאגט אונדז די דיכטערין גלייך ביים אנהייב פון ליד,אז:

ס'האט די נאכט זיך ביז טיפקייט פון שווייגן פארטראכט -
ווי דעם ים צו באזיגן,
ס'האט די נאכט פון לבנה א קישן געבעט דעם ים איינצושטילן,
ס'האט די נאכט פון די ווינטן א שלייער געוועבט דעם ים צו פארהילן,
ס'האט די נאכט אלע חושכע ההומען בעשיקט זיי זאלן זיין אומרו פארשליבען
ער זאל שטילן זיין בענקשאפט דא אויף איר ברוסט
און זאל צו דער ערד מער נישט זינגען -
נאר; אומזיסט,די ערד אין אים וואכט!

און אזוי גייען אוועק שורה נאך שורה,אזוי דראמאטיש,איר פילט בחוש ווי איר וואלט זיך געפונען אויפן ים און ער שטורעמט ליידעשאפטלעך צו עפעס א ברעג.זי דערפילט צו א שורה,ווו זי שרייבט:ער בענקט צו דער ערד... און ווייטער: ער שלייכט צו דער ערד.. און זי שילדערט ווייטער ווי די נאכט לייגט שאטן-בילדער און פעלדיקע טישן... הייבט אויף זיך די ערד

און זי שטרעקט אויס די הענט און זי פליסטערט אים: קום!... און ער, פון איר דרייסטקייט,א רגע פארשעמט,פארגעסט זיין געברום,ער בייסט אין איר קאלטקייט וואס שווארץ איז און הייס - זיך אלץ טיפער נאך איין - די נאכט ווייסט געוויי דעם באשייד שוין און גרויס.

איך קאן נישט מער ציטירן פונעם איינציקארטיקן ליד.עס איז אזוי אנ־דערש און אזוי ניי! אפשר גארנישט יידיש,אפשר אונטערן איינפלוס פון היידנישע קוועלן.אבער גרויס איז די אריגינעלקייט.לייענט דאס ליד, מיינע פריינד,לייענט דאס ליד א פאר מאל ביז איר וועט דערפילן די הנאה, דער טיף־מענטשלעכער טאן און פיין הארציק יידישער געפיל פון כמעט אלע 50 שרייבער אין דער אנטאלאגיע לאזן איבער אן איינדרוק פון באגייסטערונג צו די קינסטלער,און איך רעד דא וועגן אלע,אן אויסנאם! אסתר סיגאלס ליד "מיין מאן דער בעקער" איז רירנדיק.

שאפירס לידער ברענגען אריין אין א היימליך יידיש געמיט.י.י.סיגאל האט א מוסטער פון זיינע גאט זוכענדע לידער.אפילו די דערציילונגען וואס זיינען געשריבן אויפן וועג קיין קאנאדע,אדער עלנערנס דערציילונג וועגן איינעם א קאהן יידן וואס האט זיך געקאנט טרעפן אין אמעריקע אדער ערגעץ אנדערש נישט דווקא אין קאנאדע - זיינען געשריבן מיט אן אונטערטאן פון א יידיש הארץ וואס האט רחמנות נישט נאר צו די יורשים נאר צום קארגן אליין,וואס האט זיך נישט פארגונען דאס לעבן און די טראסט קאמפאני,אטלאנטיק און פאסיפיק האט צוגענומען זיין גאנץ פארמעגן פון זעקס הונדערט און פופציק טויזנט דאלאר.

איך האלט אז די אנטאלאגיע איז א ווערטפול בוך.הלוואי וואלט עס מעגלעך געווען אריינצוברענגען אין יעדע יידישע שטוב אין קאנאדע, און יידן,גרויס און קליין,זאלן לייענען און וויסן.

## דאס געשטאלט פון דער פרוי ארום דער ישיבה

דאס היינטיקע יאר איז דערקלערט געווארן דאס יאר פון דער פרוי.אזוי האבן אינטערנאציאנאלע אויטאריטעטן באשלאסן,און ווער וועט וואגן זיך קעגנשטעלן זייערע באשלוסן? וויל איך דא צו דער געלעגנהייט צוטראגן א קראנץ פון שבחים פאר די פרוי וואס האט זיך קאנצענטרירט אין און ארום דער ישיבה,ווי עס האט עס געזען דער גרויסער קינסטלער פון אונדזער דור,חיים גראדע,אין זיין צוויי בענדיק בוך,וואס האט איבער 800 זייטן,אונטערן נאמען "צמח אטלאס,"מיטן אונטער קעפל - די ישיבה

באגעגענען מיר שוין אויף זייט 19 פון ערשטן באנד דעם נאמען פון צמח אטלאסעס ערשטע כלה,דבורהלע נאמיאט:

זי איז געווען א דיקלעכע,מיט א קאפ שאטיגע האר,גלאט פארקעמט אהינטער און מיט גרויסע,גרויע אויגן.קענטיק אז זי איז מער נישט יונג,אבער א שמייכל האט זי געהאט א קינדעריש פארווונדערטן ווי די וואלט זיך בעלייגט שלאפן אן עופהלע און זיך אויפגעכאפט א דערוואקסענע,און זוכט נאך אלץ ארום אירע פארלוירענע קינדער יארן."

איר פערזאן וועט שפילן גאר א קליינע ראל אין לעבן פון הויפט העלד, ווייל באלד נאכן שרייבן תנאים מיט איר דערוויסט ער זיך אז איר טאטע וועט נישט באצאלן דעם צוגעזאגטן נדן; ער איז באוווסט אין שטאט ווי א גרויסער קמצן.ער שיקט איר צוריק די תנאים,א קורצע צייט שפעטער ווען ער באגעגנט אין אן אנדער שטאט די יונגערע און רייכערע,אבער זי בלייבט אים אויף זיין געוויסן פאר פיל יארן,ספעציעל ווען ער דערוויסט זיך אז נאך זיין אוועקפארן איז זי געווארן קראנק,אפגעלעגן אין בעט זעקס חדשים און געשטארבן.דבורהלע נאמיאט איז ודי ערשטע פרויען געשטאלט אין בוך מיט די קלענסטע טייל פון די גרויסע דראמע,כמעט א סטאטיסטקע,אבער ריין און אומשולדיק ווי א קינד.

די צווייטע פרוי אין בוך איז צמחס מומע צערטעלע,אן עלטערע פרוי,א מאמע פון דריי פארהייראטע זין,וואס איז נאך די פרנסה געבערין.האט זי אבער ארויסגעוויזן אזא צערטלעכע באציונג צו איר דערוואקסענעם פלימעניק,וואס איז געקומען פון ישיבה,נאך בעסער ווי אן אייגענע מאמע.נישט אומזיסט איז איר נאמען צ ע ר ט ע ל ע.

איצט האבן מיר א שילדערונג פון א פרוי פון א מעל סוחר - חנה.א בעזונטע,

פרישע און רויקע ווי א לויטערער דארפישער פרימארגן אין מיטן זומער.אויך זי נעמט נישט קיין גרויסן אנטייל אין די קאמפן וואס אנטוויקלען זיך אין דער משפחה,אבער עס איז גענוג צו לייענען בראדעס שילדערונג פון איר אויסזען אז מען זאל קריגן א גוט,פאזיטיוו געפיל צו איר.

די הויפט-העלדין פון בוך,אפשר וואלט מען געדארפט שרייבן די וויכטיקסטע פרוי פון בוך איז סלאווע סטופעס.(ביידע נעמען נישט דער ערשטער און נישט דער פאמיליען נאמען איז ארונדז פוילישע יידן באקאנט),א מיידל פון א יאר 25,האט געלויכטן מיט איר בלאנדן קאפ האר און העל-בלויע אויגן.אירע ווייכע קעצישע טריט האבן דערציילט אז זי איז א צעבאלעוועטע בת-יחידה,א זיסלעך-ווארעמע,א פארליבטע אין זיך און א פארבענקטע צו זיין געליבט.צי וועל איך דא בקיצור קאנען איבערגעבן די גרויסע ראלע וואס סלאווע האט געשפילט אין לעבן פון דעם ברויסן און פון אידייען און לײדנשאפטן געפייניקטן צמח אטלאס? בראדע דערציילט ארונדז אז סלאווע האט איידער זי האט חתונה געהאט מיט צמחן געהאט א געליבטן,א גימנאזיע לערער,וואס האט געהאט א פרוי און א קינד,אבער נאכן אפלעבן זעקס חדשים גליקלעך מיט איר מאן איז זי מיט איר גאנצער נשמה אזוי געווארן צוגעבונדן צו אים,אז אפילו ווען ער איז פון איר אוועק און האט זיך געוואלגערט אין דער פרעמד,האט איר אפילו א ווארט נישט געשריבן ווו ער איז,האט זי אלץ אויף אים געווארט אין איינ-זאמקייט און אומעט.

ווען זי האט פון געליבטן געקריגן א בריוו אז ער בענקט נאך איר איז זי געפארן צו אים,אים געוואלט געבן געלט,אבער באין אופן נישט מער גע-פילט זיך פריי ווי א שטייגער עס האנדלען די דורכשניט פרויען פון אונ-דזער צייט,ווי עס האט מיר אט ערשט געזאגט מיין פרוים פלימעניק וואס איז א בחור פון ארום פערציק און פארקערט צווישן פראפעסארן און אנדערע פון דער העכסטער אינטעליגענץ אין אמעריקע,אז עס איז איצט א צייט פון "אק-צעפטעט פאליגאמיע" און אויך אז אכציק פראצענט פון די קרייזן מיט וועמען ער קומט אין קאנטאקט זיינען געגטע...

אפילו די פארגרעבסטע פרויען וואס ווערן געשילדערט אין בוך,וואס קענען נישט שרייבן און לייענען און מוזן ווערן דינסטן ביי די רייכע

ווייזן ארויס אן עקשנות צו בלייבן צווישן יידן און נישט ווערן פארשטויסן ווי א פרעמדע,נאך דעם ווי א רייכער זינדל פארפירט איר און מען וויל פון איר פטור ווערן.ניין! שרייט סטאשיע,זיי ווילן מיך אוועקשיקן אין א דארף קיינער זאל נישט וויסן.איך וויל נישט לעבן צווישן גויים,איך וויל מיין קינד זאל אויפקומען ווי א ייד!

אזוי גייען דורך עלטערע און יונגע פרויען מיט שווערע לעבנס בעמאטערט פון זייערע קארגע מענער,אדער נארויבט פונעם עלעמענטארן ווייניקן וואס א פרוי פון ארעמקייט וואלט זיך געלאזט צופרידנשטעלן,בלייבן זיי אבער מיטן צלם אלקים ביז זייער לעצטן אטעם.ווער קאן פארגעסן די ליידן פון דער יונגער פרוי ראניע ביי ווען צמח אטלאס שטייט איין אויף קווארטיר.איר מאן איז א משולח פאר ישיבות.ער פארט אוועק אויף זעקס חדשים קיין אויסלאנד און עס גייען ארום קלאנגען אז ער לעבט דארטן א "גוטן טאג" מיט פרויען. ער קומט אהיים פאר פסח און פארשווינדט ווידער פאר זעקס חדשים.איר הארץ ציט צום איינזאמען ראש ישיבה,שטייט אויף ביינאכט,ווען ער קומט פון בית המדרש שפעט אהיים,זיין עסן אנצוווארעמען,און ער שרייט אויף איר זי זאל עס מער נישט טאן,ווייל ער וועט מוזן ארויסציען זיך.ווער קאן פאר-געסן די סצענע ווי זי לויפט ארויס אין וואלד זיך זעגענען מיט אים ווען זי הערט אז ער פארט אוועק.זי טוליעט זיך צו אים און זאגט,אז דאס בלויזע וויסן אז ער איז דא אין שטאט האט איר לעבן געמאכט פילן יום-טובדיק.

און ווער קאן פארגעסן די האנדלונג און די רייד פון וועליע די אויבסט הענדלערין,אונדזער גוטע באקאנטע פון "מיין מאמעס שבתים".ווען איר זון חייקל איז שוין צוואנציק יאר אלט איז זי נאך אלץ צופרידן אים אויסצו-האלטן ער זאל ווייטער זיצן און לערנען.ווען זי הערט אז ער האט זיך פאר-ליבט אין די פרוי פון זיין ראש ישיבה,פרעגט זי: אזא שיינע איז זי? זי מוז זיין פון יענע סחורה! ניט געדאכט זאלסטו נישט ווערן! טפו זאלסטו ניט ווערן!

די אויבסט הענדלערין האט געווישט די הענט אין פארטעך ווי זי וואלט זיך געוואשן פארן זאגן א ברכה און זיך אנגעשטרענגט אנצוהאלטן א שטרענג פנים.אירע אויגן האבן אבער געלויכטן פון נחת,ווי לאנג איז זינט ער איז

נאך געווען א גאר קליין יינגעלע? און די אויבסט הענדלערין האט זיך
געווישט די אויגן,ווי איר וואלט אנגעזאגט געווארן א בשורה טובה אז גאר
אין גיכן וועט זי דעם זון פירן צו דער חופה.

הארציקע יידישע פרויען-געשטאלטן פון אונדזער עבר,בלייבט מיט אונדז
אויך היינט!...

## די שילער פון דער מיטל-שול הרצליה בראדואירן

עס איז געווען א גרויסער יום-טוב אין מאנטרעאל ווען די תלמידים פון דער העברעישער מיטל-שולע הרצליה האבן געפייערט זייער ערשטן ארויסלאז-בראדואירונג, מיט די פולע רעכט אריינצוגיין אין אוניווערזיטעט, און דריי פון זיי האבן געזאגט אז זיי זיינען אנגענומען געווארן אין ירושלים פאר זייער ווייטערדיקן שטודירן. עס זיינען געווען באנעגט צו 500 מענטשן, מערסטנס קרובים און פריינד פון די גראדואנטן, וועלכע זיינען געווען אנגעטאן "פארמעל", אין שווארצע פעלערינעס און פירעקיקע היט. א ייד שטעלט פאר דעם פרעזידענט; דער פרעזידענט שטעלט פאר דעם טשערמאן; דער טשערמאן שטעלט פאר די דריי פרינציפאלס (איר הערט דריי פרינציפאלס)! יעדער פון די דריי האלט א קורצע רעדע וואס נישט אלע פון עולם פארשטייען אדער הערן אפילו אויפמערקזאם. שפעטער רופט מען איינעם פון די גראדואנטן צו לייענען די וואלידיקטאריען" רעדע אין היברו. ער רעדט מיט א פיינעם ספרדישער ארויסשפראך. ער זאגט, אז א ייד דארף אלע מאל בלייבן טריי זיין פאלק און לאנד. עס וואלט אפשר געווען גוט ווען אלע זאגן אנשטאט לשנה הבאה בירושלים - בשנה הזה בירושלים. מערסטע פון די מענטשן ארום אונדז ריידן דערווייל צווישן זיך, קענטיק אז זיי פארשטייען נישט קיין עברית.

דער צווייטער תלמיד רעדט ענגליש. ער רעדט אין א וויציקן טאן, ער מאכט א ביסל חוזק פון די לערער. שפעטער דאנקט ער זיי. אלע פאטשן בראווא, אלע לאכן. א קלוגער יונגאטש - זאגן זיי. צולעצט רעדט א מיידעלע, א קליינע און א שיינע. זי רעדט פראנצייזיש. זי דאנקט אלעמען פאר לערנען איר די שפראך פון דער מערהייט פון לאנד. זי זאגט צו צו אינטעגרירן זיך אין איר ווייטער-דיקער קאריערע מיטן פראנצייזישן סעקטאר פון לאנד. אלץ קלינגט שיין און פיין. מען רופט אויס צוויי פון די פרינציפאלס און מען גיט זיי זילבערנע בעכער. מען בעט אלעמען גיין עסן און טרינקען. מען זינגט די "התקוה". איבן שיינען פון נחת. אפשר האבן באבעס און זיידעס זיך דערמאנט ווי שווער עס איז געווען אמאל פאר א יידיש קינד אריינצוגיין אין א גימנאזיע אין אמאליקן רוסלאנד? איז עס נישט אזוי קינסטלעריש באשריבן אין שלום עליכמס א מעשהלע מיטן אייגענעם נאמען?

איך וויל עפעס זאגן מיין פרוי, אבער טו עס נישט. איך באגריס זיך מיט

פריינט באקאנטע און וויל זיי עפעס זאגן,אבער,ניין,איך זאב באר-
נישט.אין געדאנק קומט ארויף א ווארט,אז פאר דעם עולם דא פון א האלבן
טויזנט יידן איז יידיש נישט מער א זאך וואס גייט אונטער,נאר א שפראך
וואס איז אונטערגעגאנגען... איך דערמאן זיך גלייך די ווערטער פון אונדזער
בן עיר מ.מ.שאפיר,אין א ליד וואס הייסט "לשון מיינס",ווו ער זאגט:

נישט בעהייליקט געווארן אין מויל פון פארשניטענע קינדער,
וואס מ;האט זיי געפירט צו דער שחיטה ווי יונגינקע רינדער,
לשון מיינס!

און ווייטער זאגט ער אין זעלבן ליד:

איך הער אין דיגוויינען די שכינה און מאמעדיק בענקען,
איז קיין חידוש נישט וואס איך בין גרייט דאס חיות צו שענקען
לשון מיינס.

און יענער וואס שפייט אויף דיר,שפייט אויף מיין ליכטיקער מאמען,
וו? זאל מיר פאר ווייטיק און בושה דאס פנים נישט פלאמען
לשון מיינס.

אויב יידיש איז ביי דעם עולם נאך נישט אונטערגעגאנגען,ווי אזוי איז
עס מעגלעך געווארן עס זאל קיינעם צווישן די יידן דא דאס פנים נישט פלאמען
ווען סיי פון דער טריבונע,ווי דער ערשטער רעדנער האט גערעדט א צעבראכענעם
ענגליש און סיי צווישן די פארזאמלטע,האט מען אפילו איין ווארט יידיש
נישט געהערט? און האב איך ב'גוואלד עטלעכע ווערטער געזאגט אין יידיש,
האט מיין פרוי מיטן גוטן יידישן נאמען ג ו ט ע מיך גלייך געצויגן ביים
ארבל: גוואלד,וואס רעדסטו? זיי פארשטייען עס דאך גארנישט וואס דו זאגסט.
ווי א נאר וואלט איך מסתם אויסגעזען אין זייערע אויגן ווען איך וויל א
ביסל טיפער אריינגיין אין דעם ענין פון דערציונג און זאגן זיי,אז צוליב
דעם וואס די יידן האבן זיך אליין אפגעזאגט פון יידיש און די פראנצייזן
האבן ארויפגעצווונגען פרענטש,איז דערווייל דאס נויטיקסטע אין וואס יונגע
קינדער נייטיקן זיך - אידעאליזם - פארלוירן געגאנגען.

מיר זיינען געווויינט געווען צו זען אין די יונגע ווי די טרעגער
פון די שענסטע אידעאלן און טרוימען,די מערסט אומפראקטישע,וואס זיינען

ברייט בעוועט צו גיין אויף באריקאדעס פאר זייערע אידעאלן.די שטורעם-און-דראנג פעריאד פון א מענטשנס לעבן זיינען געווען די יארן פון 17 ביז 21.צי קאנען מיר אויפריכטיק זאגן אז אונדזערע קינדער און אייניקלעך,דערצויגן אין הרצליה,פארפילן די אויבן-בעזאגטע האפענונגען?

אייגנטלעך זיינען דאך די עלטערן פון די גראדואנטן פון העכערן מיטל-קלאס (יעדער פון זיי האט באצאלט העכער 800$ פארן לעצטן יאר שכר לימוד) און מיר האבן עס דאך בקבלה,אז מיר זאלן זיין בעהיט מיט די קינדער פון די ארעמע,ווייל פון זיי וועט ארויסגיין די תורה.וועלן זיי אפשר זיין צופרידן אויב זייערע זין און טעכטער וועלן ווערן גוטע סוחרים אדער פראפעסיאנאלן,צי וואס דארפן זיי דען אידעאליסטן? איך וואלט זיך אפילו בעוועט אז קיין איינער פון זיי האט נישט בעלייענט א.ליעסינס פאעמע "יידיש" ווו ער שרייבט:

דורך פראג און לובלין ביז אדעס,האט אלץ זיך געצויגן איין פייער,
האט אלץ זיך געצויגן איין נס,
האט שטענדיק דער בלוט-פיינט בעהויערט
בעלויערט פיל-אויגיק דער טויט.
אט דארט האב איך וויסט און פארטרויערט
די עלטערן דיינע באגלייט.
איך בין מיט זיי הונדערטער יארן געבאנגען דורך יעדער געפאר
און איינגעזאפט האב איך דעם צארן און איינגעזאפט האב איך דעם צער
און אויסגעשמידט האב איך דורך דורות דעם וואונדער פון ווילן און ווי
צו לעבן פאר הייליקע תורות און שטארבן מיט פעסטקייט פאר זיי.
און אויב נאר די קדושה די ריינע שיינט אפ פון ענויים און פיין
טא בין איך דיר קינד מיין די איינע
טא בין איך די הייליקסטע דיין.

איך ניו יארק,ווו עס האבן גראדואירט נאר זיבן מיטל-שול קינדער פון ארבעטער רינג שול האבן קינדער דערמאנט דעם 60 יאריקן יארצייט פון י.ל.פרץ. האבן דאך די היגע קינדער געקאנט דערמאנען חיים נחמן ביאליק.אבער אזוי האב איך געזען די דראמע פון יידישן לעבן ווי מען צווינגט ארויף

קינסטלעכע שפראכן אזוי ווי מען וואלט אויסגעשניטן די יידישע צונג און מיט צוואנג עפעס פרעמדס פארפלאנצט.דערפאר איז עס מיר נישט געלונגען דארט אויסשרייען מיינע געפילן,אבער דא אויפן פאפיר טו איך עס.פאפיר איז געדולדיק.אפשר וועט עמיצער 100 יאר שפעטער אויסגעפינען,אז איין זיידע פון דעם גרויסן עולם האט אנדערש געטראכט.

# "אלמאנאך" פון יידישע שרייבער אין ירושלים

א קלייבער אבאבס אין "פארווערטס" האט אונדז בעלאזט וויסן,אז אונטער דער רעדאקציע פון יוסף קערלער איז ארויס דער צווייטער בומער פון ירו- שלימער "אלמאנאך".דאס שטיקל בייעס האט מיך א צי געגעבן.איך האב ארויס- געשיקט א פאר דאלאר צו קערלערן און א בריוו ביי לופט-פאסט,אז איך בין זייער צופרידן,אז דווקא אין ירושלים הייבט אן ארויסגיין א בייער זשורנאל אין יידיש און פארשטייט זיך: איך וועל זיין א קונה.אוועק צוויי חדשים און פונקט צו דער צייט ווען איך האב זיך געגרייט ארויסצופארן קיין סט. אגאט זייבען אנגעקומען 2 זשורנאלן.יוסף קערלער שרייבט אז ער שיקט מיר אויך דעם ערשטן בומער און באלד וועט ארויס א בייער בומער פארן יאר 1975, וועט ער עס מיר גלייך ארויסשיקן.איך מוז דא זאגן אז עס איז געווען גוטע צידה לדרך.דורך די זיבן וואכן זונשיין,ווען אלע זייבען געלאפן צום וואסער זיך קילן,האב איך זיך באהאלטן אין שאטן פון די ביימער ארום אונדזער הויז און האב הנאה געהאט פון דעם בייעסטן זשורנאל אין יידיש,וואס גייט ארויס אין ירושלים.

אידער איך נעם זיך באשרייבן א ביסל דעם אינהאלט און כאראקטער פון דעם ביי-געבוירענעם קינד מוז איך דא פריער זיך באווארענען,אז כמעט יעדן טאג פון מיין זיין אין סט.אגאט האב איך געהערט מענטשן דערציילן וואס פארא ליידן זיי האבן דורכגעמאכט אין די מלחמה יארן אין דייטשלאנד; איינ- געשלאסן אייבעם וואס איז געווען ביי זיי פינף און א האלב יאר.ער איז איצט אלט 60 יאר - האט ער מיר דערציילט - און אויב ער וואלט געדארפן נאך א מאל צוריק יונג ווערן און נאר איין חודש ווידער דורכלעבן וואס ער האט געליטן די פינף און א האלב יאר - וואלט ער זיך אפגעזאגט פון לעבן נאך א מאל די גאנצע 60 יאר... איך האב אויך געהערט יעדן טאג יידן דער- ציילן וואס זיי האבן געליטן אין רוסלאנד,און כאטש איך האב שוין אזוי פיל געלייענט ביז היינט,איז עס אלץ נישט גענוג אז איך זאל נישט זיין נייגע- ריק צו הערן נייע און נייע עדות.און כאטש איך האב זיי אלע געזאגט אז איך בין נישט קיין פרומער,קיין גלויביקער,דוכט זיך מיר אלץ אז יעדער ייד וואס איז בשלום אהיים געקומען סיי פון דייטשלאנד און סיי פון רוס- לאנד איז עס ווי א מלאך פון הימל וואלט זיי געהיטן די גאנצע צייט זיי

זאלן לעבן בלייבן און דערציילן.און אויב עמיצער וועט נאך אלץ שרייען אז מען טאר נישט מאכן קיין פארגלייך,זאל ער לייענען אין לעצטן נומער "ירושלימער אלמאנאך" די דערציילונג פון הערש סמאליאר "מיט דער זעלבער האנט".דערווייל וויל איך דא אפשלאגן די טענה פון מיין שכן א ווארשעווער ייד,אין סט.אגאט: צי וואס דארפט איר נאר אלע מאל ריידן וועגן פאליט.ק? פרעגן יידן ווו זיי זיינען געווען און ווי אזוי איז עס געווען? פארוואס רעדט איר נישט א ביסל וועגן מוזיק,וועגן דער נאטור? יידן זיינען געקומען אהער אפרוען און איר פארדרייט זיי א קאפ מיט פאליטיק!

ער גייט אוועק עסן מיטאג און קומט גלייך צוריק מיט דעם "מאנטרעאל סטאר",וווּ עס ווערט באשריבן מיט אלע איינצלהייטן דער אפמאך אין העלסינקי, און ער שרייט: די רוסן פירן די וועלט אין באד אריין,א שווינדל,א פארס, א חוזק! דא בלייב איך שוין רויק און פרעג אים: מיסטער ר. צי וואס דארפט איר נאר רעדן וועגן פאליטיק,פארוואס רעדט איר נישט וועגן מוזיק? עי!

איצט אז מיר האבן זיך באפרייט פון מיין שכנס טענות,לאמיר עפענען דעם ערשטן נומער "ירושלימער אלמאנאך",וואס איז ארויס אין 1973,פונקט צום 25טן יאר פון ישראלס עקזיסטענץ און לאמיר לייענען דוד ספארדס "ישראל דלמעלה".ספרד איז ערשט געקומען קיין ישראל אין 1969 און זיין עסיי, וואס איז ישראל פאר יעדן יידן פון די וועלט און אפילו פאר די גוים פון די וועלט,האט מיין איך, געדארפט געלערנט ווערן אין אלע יידישע שולן פון דער וועלט,אויף אלע שפראכן וואס יידן ריידן און פארשטייען.עס דער-פרייט,גיט שטאלץ און צופרידנקייט דער פאקט וואס מיר האבן א מדינה.מיר דוכט אז די יידן אין די תפוצות פארשטייען נישט גענוג די באדייטונג פון ארץ ישראל ספעציעל אין שלעכטע צייטן,אין קריזיס יארן.עפעס זיינען יידן ווי צעבאלעוועט געווארן ווען ישראל איז געגאנגען מחיל אל חיל,ווען אין ישראל ווערט א ביסל שלעכט זאגט זיך דער דורכשניט אמעריקאנער ייד אפ פון איבערנעמען דאגות פון ישראל אויף זיינע פלייצעס.און דאס איז דוכט זיך געווען דער געשריי פון יצחק קארן ווען ער איז דעם לעצטן ווינטער דא געווען.

זיאמע טעלעסין איז געקומען קיין ישראל אין 1971.ער ציטירט פון סטא-

ליבען,אז יעדער נאציאנאליטעט מוז האבן פיר סימנים: אן אייגענע טעריטאריע; א געמיינזאמע שפראך; אן אייגענע עקאנאמיק; א נאציאנאלע קולטור.אויב עפעס פון דעם דאזיקן מין פעלט אויס איז עס נישט קיין נאציע... אויף דער טעמע האט טעלעסין אנגעשריבן א ליד;וואס הייבט זיך אן מיט די ווערטער:

מיין הויט איז שוין ברוין ווי ציקאריע,
די זון פון ישראל מיך גליט
איך האב שוין א טעריטאריע,
מיין ברודער אין רוסלאנד - ניט.
אט דא בין איך מער ניט קיין איינזאמער
ווי איינזאם איז דארטן דער ייד!
כ'האב מער ווי א שפראך א געמיינזאמע,
מיין ברודער אין רוסלאנד - ניט.

און נאך דריי פערזן וואס איך לאז איבער פארן לייענער,אליין הנאה האבן און הערן דעם זעלבן אמת וואס עס האבן מיר דערציילט די יידן וואס זיינען דארט בעוועזן.אויב עמיצער רופט עס פאליטיק,איז מיין ענטפער,אז יידישע פאליטיק פון דעם שטייגער איז טאקע אונדזער אלעמענס בייזנעס...

און אט איז א נייע דערציילונג וואס קלינגט ווי א ווירקלעכע געשעעניש, געשריבן פון בנימין באסמאן,וואס הייסט "גאט האט געלאכט אין קורגאן-טיובע." באסמאן איז געבוירן אין ווילקאמיר,ליטע.ער האט אנטיילגענומען אין די קאמפן קעגן די דייטשן.ער איז נישט לאנג אין ישראל און ער דרוקט זיך צום ערשטן מאל.און באלד איז דא א דערציילונג "דער שטעקן",געשריבן פון ז.ברכות.ער איז געבוירן אין 1886 אין רוסלאנד,געקומען קיין ישראל אין 1904.אין יאר 1936 איז אין ווארשעווער פארלאג "בזשאזא" ארויס זיינע א טרילאגיע אונטער די נעמען: "ארנטערן שטן פון הרמון","דער ירדן רוישט", און "אין אייביקן טומל".

איך האב אלץ נאך נישט אויסגעשעפט,אפילו אין דער קורצסטער פארם איבער-געגעבן א באגריף ווי אינהאלטסרייך און באלערנדיק עס זיינען די קורצע דער-ציילונגען,די לידער.

דב סדן,וואס איז געבוירן אין 1902 און וואס האט ביז איצט ארויסגעגעבן

קרוב צו פופציק ביכער אין העברעיש,האט אויך ארויסגעגעבן אין יידיש די "חכמה פון חכמות", "חן גריבעלעך", "היימישע כתבים",האט אין ערשטן בומער "אלמאנאך" אנגעשריבן אן עסיי מיטן נאמען "מזל תאומים" צום גראם צווילינג-פרילינג,ווו ער ציטירט אזוי פיל ווערק,אז עס איז פשוט צו באוווגדערן זיין זכרון...

פראפעסאר סאל ליפצין שרייבט וועגן 4 דיכטער בייע עולים: טפארד,קערלער, טעלעסין,רחל בוימוואל.דאס לעצטע און באר באדייטנדיקע ארטיקל איז פון ש. שמחריה מיטן נאמען "די חכמה פון גאולה אין ליכט פון דורות" און דאס איז אן אפהאנדלונג וועגן דעם פארשטארבענעם פרעזידענטס בוך "ליכטער פון דורות"...

איך האב נישט דערמאנט אלע שרייבער פונעם ערשטן בומער.איך וואלט,פארשטייט זיך,געוואלט באטש א ביסל א רעד טאן וועגן שלמה רויטמאנס ליד "הארץ" אינעם צווייטן בומער פון אלמאנאך,ווי ער בעט זיך "גיס אין מיין הארץ א קריגעלע מיט טויען מיר אריין"/ ס'איז דארט אן אנצינדונג,א הארץ אנצינדונג,טיי-ערע/ זאל באטש מיין דענקען - דער מוח נישט אוועקגיין מיט די פייערן/ גיס אין מיין הארץ א קריגעלע מיט טויען מיר אריין".

איך האב דאס ליד געלייענט פיל מאל.איך האב פארשטאנען אז ער וויל נישט אז די געליבטע זאל ביי אים צונעמען אלע וויטאקן,ווייל אויב זי וועט זיי אלע ווי פייערן פארלעשן מיט אירע טרערן וועט אויך זיין הארץ פארלאשן ווערן.פשוט גערעדט הייסט עס,אז א ליד מוז ברענען מיט וויטאק, אויב נישט איז עס נישט געשריבן מיט הארץ.און אפשר האב איך עס שלעכט פאר-שטאנען?!

איינס ווייס איך דער זשורנאל איז זייער גוט און וויכטיק.

# די אפערע פון די לילי בלום

אין ענגליש די "פלעיר דע-ליס-אפעיר" - איז א בוך ערשט ארויס פון דרוק.דאס ערשטע בוך פון א יונגן יידישן שרייבער פון מאנטרעאל,ארויס-געגעבן פון בארימטן פארלאג "דאבלדעי" און אויסגעקליבן ווי איינס פון פיר בעסטע ביכער פון יאר.האב איך עס געלייענט מיט גרויס בייגיר און אינ-טערעס,וואס איז געווען זייער לייכט צו טאן,ווייל דאס בוך האלט געשפאנט דעם לייענער פון אנהייב ביזן סוף.עס איז א געשיכטע פון פארברעכן,פאליטיק און מערדעריי,אלץ,ווי איר שטויסט זיך אן פון נאמען פון בוך.ארום די גע-שעענישן פון די עף-על-קיו אין יאר 1970,ווען מען האט געמוזט ארויסרופן די ארמיי צו האלטן ארדענונג אין שטאט.אזא פאניק איז ׳עמלט געווען אין מאנטרעאל אז יעדער וואס האט עס מיטגעמאכט וועט עס נישט אזוי לייכט פאר-געסן.

ספעציעל,האט עס פארשטייט זיך,איינגעקריצט אין די הערצער פון די יונגע מענטשן איינגעשלאסן, האל ראסס,דעם שרייבער פון ביידע בוך וואס האט אויפן פאן פון יענע געשעענישן אנגעשריבן א פאנטאסטישע נאוועלע,ווו אויף דער הילע פון בוך האבן די פארלעגער געשריבן אן ארייינפיר מיט דער פראגע: וואס וואלט געווען ווען א קאנאדישע טעראריסטן גרופע קומט אונטערן איינ-פלוס פון אן אמעריקאנער פארברעכן סינדיקאט פירער? און אזוי זעט אויס איז עס געבליבן אין געדאנק פון יידישן יונגן מאן,אז עס ליגט נישט אין נאטור פון דורכשניט מענטש פון פראנצייזישן פאלק ארייינצולאזן זיך אין אוואנטורעס פון קידנעפן,מארדן און רויבן.ער זעט די געפאר אז אויך היינט קאן עס געלונגען א פירער פון אן אמעריקאנער מאפיע-גענג אויפצוהעצן גענוג פראנצייזן דא אין מאנטרעאל צו פרובירן מיט געוואלד פארכאפן די מאכט נישט ווייסנדיק אז די גאנצע באוועגונג ווערט פינאנצירט פון קרימינעלע פארברעכער. פארשטייט זיך אז דער גרויסער העכט ווייל דא בעת דעם טומל צורויבן 20 מיליאן דאלאר דיאמאנטן פון אן אויסשטעלונג וואס קומט פאר אינעם זעלבן טאג פון דעם ביידעם אויפשטאנד.און באטש עס ענדיקט זיך נישט אזוי פאטאל ווי מען וואלט געקאנט מיינען,אבער 2.758 מענטשן זיינען געשטארבן פון דינאמיט אונטערגעלייגט אין מאנטרעאלער,פארלס! בעת א האקי גיים און 5.000 זיינען

פארוווונדעט געווארן אלץ כדי אפציען די אויפמערזאמקייט פון די גרויסע רויבעריי...

נאכן דורכלייענען דאס בוך פריש,ווען די טינט איז נאך רעכט נישט אויס-געטריקנט,פארדריסט עס מיך א ביסל.ערשטנס איז דאס בוך געווידמעט צו פראפעסאר אברהם ראם,וואס האט,לויט איך פארשטיי,פשוט גענומען האט אונטער זיינע פליגל אזוי צו זאגן,האט ער דאך געקאנט א ביסל אונטערבעטן דאס בוך מיט א ביסל אידעאליזם מצד די פראנצייזן וואס פארמאגן מסתם א ביסל מער ווי די פוסטע פראזן וואס מען הערט פון זיי אין בוך! כאטש איך גלויב נישט אז א שרייבער דארף זיך שרעקן צו זאגן דעם אמת אפילו אויב עס וועט עמיצן וויי טאן,איז אבער א געפאר אז דער אמת וואס מיר ווייסן איז אפשר נישט דער גאנצער אמת. לאמיר זאגן אז מען מאכט פון בוך א פילם און פראנצייזן זעען ווי זייערע אפ-עראציעס זיינען פארוואנדלט געווארן אין מאפיא-אקטן וועט עס נישט ארויסרופן א גערעכטן ווידערווילן? צווייטנס,אפשר וויל טאקע דער היינטיקער עולם טרי-לערס,אבער אברהם ראם פארשטייט דאך אוודאי אז דער היינטיקער דור וואס ליידט פון אן אידעען ליידיקייט,נאכדעם ווי ער איז אזוי אנטוישט געווארן אין די גליקן פון סאציאלע רעוואלוציעס און נאכדעם ווי ער איז זאט פון מאטעריעלער גוטס,און פרעגט מיט אויגן פארגאסענע פון דראגס: וואס איצט? ווייסט עס דאך זיכער דער חשובער פראפעסאר אז א היינטצייטיקער שרייבער דארף ברענגען צום אויסדרוק אט דעם הונגער נאך נייע אידייען,אדער ווער ווייסט אפשר וועט גענוג זיין אין א בוך נאר אוועקשטעלן א מענטשן פון היינטיקן דור ווי אין א שפיגל און פרעגן: הא, דערקענסט זיך? האט ער דערפירט האל ראסס צו שרייבן נאך א היינטצייטיקן טרילער? איז עס גענוג?

און עפעס וועגן א ראל פון א ייד אין בוך פון האל.סך-הכל איז דארט דא נאר איין ייד,מוז ער דווקא זיין א דיאמאנטן סוחר,וואס מאכט יד אחת מיט גענגסטערס,כדי ער זאל קאנען אנטלויפן פון זיין ווייב און קינדער? די יידישע דיאמאנטן סוחרים אין מאנטרעאל מאכן,ברוך השם,שיין פרנסה און אויב עמיצער פון זיי וויל אנטלויפן פון זיין הויזגעזינד,בייטיקט ער זיך נישט אין די הילף פון דער אונטערוועלט ער זאל עס קאנען אויספירן,טא,צי וואס פרעגט זיך האט מען אים דא געדארפט האבן?



x

אדער אפשר איז עס געטאן געווארן בכיוון כדי דערמיט צו צאלן א צינז די פראנצייזן און ווייזן זיי אז אויך יידן זיינען נישט אלע צדיקים!

מען האט געהאט טענות צו מרדכי ריטשלער פארוואס ער האט ארויסגעברענגט אזא נעגאטיוון טיפ ווי "דאדי קראוועטז",אבער! דאדי איז געווארן מיטגעריסן מיט זיין זייער אידעלן זיידע וואס האט זיך אלץ געמיט ארייגצוברענגען אין דאדין א פארלאנג נאך אן אייגענע היים,אן אייגענע שטיקל ערד,מסתם געמיינט ארץ ישראל,אבער דער פארגרעבטער דאדי,אויפגעכרענגט פון זיין פריער קינדהייט אין אן אטמאספערע פון רויע מאטעריאליסטישע פארגעניגנס און ליידן, ווערט אזוי מיטגעריסן פון די שיינקייט פון די לארענשן בערג אז צו אים זעט עס אויס אז דאס איז דער גן עדן התחתון אין געשטאלט פון אייגענע ערד וועגן וואס דער טייערער זיידע ווען ער האט אזוי ליב געהאט און גע-שעצט האט אלע מאל גערעדט... און צו אזא גרויסן ציל,האט ער געטראכט,לוינט זיך צו פארקוקן אלע געפארן פאר זיך און פאר יענעם.

אין דעם פילם "דאדי קראוועטז" זעען מיר ווי דער זיידע,נאך דעם ווי ער דערוויסט זיך אז מיט שווינדל איז דאדין געלונגען צו קויפן די ערד, זאגט ער אים שארף,אז ער וועט דערמיט קיין שייכות נישט האבן.לויט מיין מיינונג איז דאס בוך און דער פילם נישט קיין חילול השם ווי אנדערע האבן עס געזען.סיידוי הער איך,אז ריטשלער האט געקריגן גרויס פראמיגענץ אין קאנאדע נישט געקוקט אויף אלע קריטיקער זיינען מסתם דא מבינים וואס פאר-שטייען בעסער און זיי פירן די ליטעראַרישע וועלט אויף ענגליש.

נאך דער דערפארונג מיט ריטשלערן און מיט אזוי פיל ערגערע פון אים אין אמעריקע,זוך איך אלץ נייע אויסגאבן פון יידישע שרייבער אויף ענגליש וואס זאלן אפשפיגלען די טיפע יורושגען וואס קומען פאר צווישן די יידישע אקאדעמישע יוגנט.קענטיק אז זיי רייסן זיך צוריק צום מקור.

דאס פעלד פון יידישער דערציונג וואס איז אזוי פארנאכלעסיקט געווארן אז לערער האבן יארן לאנג געהונגערט און אלץ ווייניקער יידישע קינדער האבן פון יידישקייט געוואלט וויסן,האט געקריגן נייע אימפולסן.נאך ביז היינט דערציילט מיר מיין אייניקל,אז ער האט אין א זומער קעמפ,בעת אן עונג

שבת געפרעגט זיינע דרייסיק קעמפערס,אויב זיי ווייסן ווער עס איז געווען בר כוכבא,האט נאר איינער אויפגעהויבן די האנט,די רעשט 29 האבן קיינמאל דעם נאמען נישט געהערט און דא רעדט זיך וועגן קינדער פון 13 ביז 17 יאר!

מוז איך זיך דערפאר טרייסטן מיט די איינע האפענונג: האל ראסס שרייבט איצט א נייַ בוך,אפשר וועט עס זיין מער וועגן די דערמאנטע ענינים!

## ווו איז די מאמע?

דער פילם וואס האט ערשט מיט א וואך צוריק אנגעהויבן שפילן אין מאנטרעאל אונטערן נאמען "די ליבנס וואס מיין פאטער האט מי' געזאגט איז געשריבן געווארן פון יידישן שרייבער טעד אלען, א געבוירענער אין מאנטרעאל אין יאר 1916.

פון אן אינטערוויו אין "מאנטרעאל סטאר" דערוויסן מיר זיך אז ער איז אן איבערגעגעבענער סאציאליסט,ער האט זיך געשלאגן אין שפאניש-ציווילע קריג.ער איז געווען נע-ונד אין לאנדאן,פאריז,ניו יארק.

איצט,זאגט ער,איז ער א ביסל פילאזאפיש וועגן אילוזיעס,אדער,אויב מ'קאן איבערזעצן דאס ענגלישע ווארט "דיסאילוזשונט" ריכטיק,מיינט עס ער האט בפירוש פארלוירן זיינע אילוזיעס,ווייל פריער האט ער געמיינט אז רוסלאנד,נאך דער רעוואלוציע,איז דאס לאנד פון אוטאפיע.אבער צוזעענדיק וואס איז דארט געשען,טראכט ער זייער פארזיכטיק וועגן אוטאפיעס.

איך האב געפונען פאר נייטיק צו געבן דעם פערזאן און די דאטעס, ווייל ווי אלע פארשטייען עס איז דער פילם וואס איז א שפיגל פון אן ארט-מען ווינקל פון יידישן לעבן אין מאנטרעאל ארום 1925,גלייכצייטיק אויך א פערזענלעכע איבערלעבונג פון טעד אלען.

עס קאן זייער מעגלעך זיין אז אין די זעלבע צייט וואס מרדכי ריטשלער האט פארטראכט זיין "העלד" דודי קראוועטץ,האט טעד אלען געשריבן זיין קורצע דערציילונג מיטן נאמען "די ליבנס וואס מיין פאטער האט מיר גע-זאגט".און באטש דודי קראוועטצס פאטער איז געווען א טעקסי דראייווער און האט נאך אלס זייטיקע פרנסה געמוזט זיך פארנעמען מיט גאר מיאוסע עסקים... און עלעשקאס טאטע האט פאבריצירט הויזן און נאך דערצו גע-פרוווט זיין מער דערפינדעריש אין זיין פאך כדי פטור ווערן פון זיין ארעמער וווינונג און לעבן ווי מענטשן.אבער ביי ביידן איז געבליבן א פאראכטונג צו זייער פאטער.א האס וואס איז אזוי נישט אין איינקלאנג מיט דעם יידישן לעבן און משפחהדיקע צוגעבונדנקייט ווי מיר זיינען עס געוווינט געווען צו זען אליין,אדער אפילו געלייענט אין דער יידיש מאדערנער ליטעראטור.

אוודאי איז דער קאמף צווישן די אבות און בנים געווען אן אידעאלאגיש בארעכטיקטער.יעדער צד איז געשטאנען פעלזן פעסט צו פארטיידיקן זיינע פאזיציעס,אבער דעמלט איז עס נישט געווען קיין פראגע וועגן גראבן פיזישן האס פון קינדער צו עלטערן.עס איז אלע מאל געווען דער רעספעקט,דער דרך-ארץ!

און עס איז כאראקטעריסטיש,אז ביידע,סיי דודי קראוועטץ,וואס איז

שוין א דערוואקסענער ייִנגל און סיי עלעשקע,וואס איז נאך א קינד,ביידע האבן דווקא צו זייערע זיידעס גאר אן אנדערע באציונג.איז עס דערפאר ווייל זיי דערפילן,אז דער מענטש פון פריערדיקן דור,האט פארמאגט גע-וויסע גייסטיקע אטריבוטן,עפעס אזעלכע גייסטיקע אייגנשאפטן,וואס זייערע טאטעס האבן שוין מער נישט פארמאגט.אז דאס לעבן און שטרעבן פון זייערע טאטעס האט זיך נאר באגרענעצט צו מאכן געלט.און האבן זיי געהאט א ביסל פרייע צייט זיינען זיי געלאפן געמבלען אדער טרינקען.

ניין,אזעלכע טאטעס קאנען ווירקלעך נישט ארויסרופן קיין רעספעקט!

און דא קומען מיר צום נאמען פון אונדזער עסיי,ווו איז די מאמע? איז עס נאר א צופאל אז אין ביידע פילמען ווערט די מאמע אזויווי פאר-שטויסן אין א זייט,כדי די הויפט-פארשוינען זאלן קאנען אויסשפילן זייערע ראלן.איז עס ווירקלעך אזוי געשען,אז די ייִדישע מאמעס דא הי האבן לגמרי פארלוירן דעם קאנטראל איבער זייערע קינדער און אזוי ווי די פארגרעבטע טאטעס האבן אין גיכער נאך כרויט אוועקגעגעבן זייערע כוחות,האבן זיי זיך צוגעכאפט צו ביליקע פארגעניגנס,און אזוי צווישן נויט און עם-הארצות איז פארלוירן געגאנגען די דערציונג פון ייִדישן קינד און דערפאר זיינען אויסגעוואקסן אזעלכע (א דאנק גאט - נישט פיל) ווילדע שוואמען ווי דודי קראוועטץ אדער ווי ער הייסט ביי טעד אלען "הערמאן",עלעשקאס טאטע.

איצט פרעגט זיך,אויב עס פאדערט זיך א מאמע,וואס זאל זיין אין דער היים,ווען דאס קינד ג ייט אדער קומט פון שול? אויב עס פאדערט זיך א מאמע אכטונג צו געבן אויפן צארטן עלטער צווישן 10 און 20 יאר,וואס איז אזוי לעבנס וויכטיק פארן מענטשן אין זיינע פארמירנדיקע יארן.

אויב עס איז אומבאדינגט נויטיק אז א מאן זאל געפינען א היים וואס זאל אים זיין אן איבדזל פון אנטריבונג פון די גרויסע וועלט,וואס קאן טיילמאל זיין אזוי קאלט און פרעמד,ווער וועט די מיסיע אויספירן ווען די "ווימענס ליבערס" וועלן זייערס דערגרייכן?

וועט דאס געשריי: ווו איז די מאמע? נישט דערהערט ווערן,ווייל די מאמעס וועלן זיצן אין די הויכע שטולן פון די עקזעקוטיווס און רעדן וועגן פינאנסן.

און וועט דאס געשריי און געבעט פון מאן נאך דער צארטקייט פון די פרוי,ווען ער קומט אהיים און וויל געפינען די ליבע און ווארעמע אט-מאספער,וואס ער האט באין אופן נישט געקאנט קריגן אין באס,נישט מער דערהערט ווערן ווייל די פרוי איז גאר פארנומען מיט גאנצן דעמאנסטראציעס

פאר נייע און נייע רעפארמען.

עס שוידערט מיך פון דער איינזאמקייט פון די נייע דורות...

מיר האבן זיך געטיילט מיט אונדזערע פריידן און ליידן אין הויז,ווי ארעם מיר האבן געלעבט האט אונדז די פרייד פון ליבע און איבערגעגעבנ-קייט באלויכטן אונדזערע וועגן.זאגט איר ווימענס ליבערס,אז עס האט נישט געטויגט,איר ווילט די פרוי פון הויז ארויסרייסן? אפשר וועט מען נאך א מאל זיך אומקערן צו די טעמע?

דער פילם איז אזוי טיף יידיש ווי "דער פידלער אויפן דאך".איך גלויב קוים אויב עס וועט זיין א גרויסער דערפאלג ביי די קאסע,ווען דער הויפט-העלד,דער אלטער זיידע,שטעלט זיך אוועק זינגען אויף יידיש דאס פאלקס לידל "וואס וועט זיין ווען משיח וועט קומען" - זיצן די גוים און גלאצן מיט די אויגן.מ'דערציילט,אז איינער האט אפילו א געשריי געטאן צום ליירונט "שאראפ!".

עס איז א צייט ווען דאס אפענע מויל פון דעם ריזיקן שארק,איז דער בעסט טרילער.מען זאגט אז עס וועט זיין נאך א גרעסערער קאסע דערפאלג ווי עס איז געווען דער "עקסארציסט",טא ווי קאן מען דערווארטן אז אזא איידעלער,שיין פארבענקטער פילם זאל אפעלירן צום געשמאק פון דורכ-שניטלעכן טעאטער גייער?

מען וואלט אפשר זיך געקאנט באגיין אן די סצענע פון דעם ברית,וואס איז אגב א ביסל שענער און מענטשלעכער,נישט אזוי משוגע,ווי דודי קרא-וועטצס ברית,אבער,דער טאנץ נאך דעם ברית,ווי דער אלטער זיידע כאפט ארום אלעמען און אלע זינגען אזוי הארציק ו ט ה ר ל ב נו ל ע ב ד ך! באמת,אזעלכע געפילפולע ווערטער ווי יידן בעטן גאט ער זאל רייניקן זייערע הערצער זיי זאלן אים קאנען דינען א מ ת ד י ק , וואלטן גע-דארפט איבערזעצט ווערן אויף ענגליש און געזונגען ווערן 3-4 מאל, וואלט עס אמווייניקסטן די בעסערע פון זיי גערירט א ביסל און אפשר וואלטן זיי פארשטאנען כאטש א פונק יידישקייט - - - - - - - - -

דערווייל בייט און זעט דעם פילם!

## דער קרבן און דער משוגענער

די צוויי ביכער וואס זיינען באַרימט געוואָרן אין קאַנאַדע,געשריבן פון א וויניפּעג געבוירענע יידישע טאָכטער אַדעלא ווייסמאַן,אויף ענגליש, זיינען נישט פון די דורכשניט ביכער וואס ווערן געשריבן פון יידן פאַרן גוישן מאַרק,טיילמאָל מיט איבערגעטריבענע ליבע פאַר יידן און מערסטנס, צום באַדויערן,מיט איבערגעטריבענע קריטיק און חוזק.אָפּטמאָל נישט אַזוי צוליב שלעכטע כוונות ווי פּשוט צוליב עם-הארצות.פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר,אָן ערך,זאָלצן זיי נאָך צו מיט א היפּש ביסל ווולגאַרע און פאַרנאָגראַפישע סצענעס און אויסדרוקן,אַלץ כדי צו פאַרגרעסערן די געלעגנהייט פאַר דערפאָלג...

– נעם זיי נישט אַזוי ערנסט! – זאָגט מיר א פריינד – עמיצער מאַכט הויזן, זיי מאַכן ביכער,אַלץ פאַר געלט.

ווי געפעלט אייך דער פאַרגלייך? קענטיק אַז מיין פריינד האָט נישט געהערט וועגן יענעם גרויסן פילאָזאָף וועמען מ'האָט געפרעגט,צי ער האָט א ספּעציעלן פאַרלאַנג ווען ער האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן,און ער האָט געענטפערט,אַז ער וויל זיך געזעגענען מיט זיינע ביכער,ווייל נאָר זיי האָבן אים גרינגער געמאַכט צו טראָגן דעם שווערן יאָך פון לעבן – – – – –

אין איר ערשטן בוך "דער קרבן" דערציילט זי אַזוי שיין וועגן דעם שווערן געמיט פון הויפּט-העלד פון בוך,דער קצב אַבֿרהם, זיין ווייב שרה און זייער זון יצחק,די שטילקייט און אָרענטלעכקייט פון די ביי-געקומענע,בלויז זייערע נעמען אַזעלכע ביבלישע און אויך זייער גורל אַזאַ שווערער.

ביז זייער קומען אין ניעם לאַנד לעבן זיי איבער א פּאָגראָם.זיי אַנטלויפן פון זייער הויז צו א שכנישן דאָרף מיט זייער יינגסטן זון יצחק,אָבער זיי-ערע צוויי עלטערע זין געפינען זיך אין א גרעסערער שטאָט דערלעבן.אין עטלעכע טעג אַרום,ווען דער פּויער וואָס באַהאַלט זיי ביי זיך,זאָגט זיי אַז זיי קאָנען שוין צוריק אַהיים ביין,טרעפן זיי אָן,א גרופּע מענטשן אַרום א בוים ווו עס הענגען זייערע צוויי עלטערע זין – – – – – –

איידער איך גיי ווייטער וויל איך דאָ באַמערקן,אַז אַדעלא ווייסמאַן האָט איר ערשט בוך אַרויסגעגעבן אין יאָר 1956,און איך וווּנדער זיך פון וואַנען האָט זי גענומען אַזוי פיל טראַגיזם צו באַלאָדן דערמיט איין יידישע משפּחה?

דאָס בוך איז שווער צו לייענען ווייל עס איז פול מיט ציטער און שרעק פאַרן גורל פון יינגסטן זון יצחק.וואָס ווייטער איר לייענט אַלץ מער שרעקט איר זיך אַז דער פאַטום,דער גורל,וועט אויך דעם קרבן נישט אויסמיידן. מיט גרויס מיטגעפיל און עכט יידישן צער שילדערט אַדעלא די גרינגע יאָרן פון די משפּחה.זיי דינגען א שטוב ביי א פרוי פּ ל א פ ל ע ר, וועלכע האַלט זיך גרעסער פון זיי און לאָזט זיי נישט פריי אָטעמען.ווען עס געלינגט זיי שפּעטער צו קריגן אַן אייגענע וווינונג וואַקסט דערווייל אונטער יצחק וואָס רופט זיך דאָ אייזיק.ער זוכט אַרבעט.ער גייט אין א שניידער שאַפּ,ער מיינט אַז מען וועט אים לערנען מאַכן א גאַנצן בגד,אָבער ניין,

מען הייסט אים ביינען קעשענעס.ער בייט קעשענעס אזוי פיל טעג,אז ער שטעלט זיך פאר די סצענע ווי ער קומט פאר גאט,נאכן טויט,און גאט פרעגט אים, וואס קאנסטו עפעס מאכן פאר מיר? און ער ענטפערט: איך קאן דיר מאכן א פאר גוטע קעשענעס! אבער גאט ענטפערט: איך בין פארנומען,איך האב נישט קיין צייט צו האלטן מיינע הענט אין די קעשענעס...

אייזיק פארלירט זיין ארבעט אין שאפ.ער איז דערוויל שוין פארהייראט. ער לויפט ארום געבן היברו לעקציעס.שרה שטארבט.

אייזיק איילט זיך אויפן וועג אהיים פון א לעקציע און ער זעט ווי די שול ברענט.כאטש ער איז נישט קיין פרומער לויפט ער אריין אין פייער און ראטעוועט די איינציקע ספר תורה.ביים ארויסלויפן פון פייער פאלט ער. דאקטוירים בעפינען אז ער איז נישט פון פייער פארוואונדעט,אבער זיין הארץ איז אין געפאר און ער שטארבט אין עטלעכע וואכן ארום?..

ערשט איצט הויבט זיך אן א בייע טראגעדיע וואס איז קעגן שכל,פונקט אזוי ווי עס איז סענסאציאנעל.ווען אברהם,אט דער עלטערער אויסגעמאטערטער ייד,מיטן לאנגן בארד,בלייבט אליין מיט זיין יונגער שנור און זי לאזט אים וויסן אז זי גרייט זיך ארויסגיין פון שאפ,ווהין זי איז אוועק ארבעטן נאך אייזיקס טויט,און עפענען א "סטאר",הויבט ער זיך אן קריגן מיט איר פארוואס זי האט זיך נישט פריער מיט אים וועגן דעם בארעטן.ער ווארפט איר פאר,אז זי איז קיינמאל נישט געווען איבערגעגעבן צו אייזיקן און זיין משפחה.זי ווייזט און שרייט,אז ער אליין האט גורם געווען זיין זונס טויט דורך זיין שטופן אים צו פארפילן אברהמס חלום,אז פון זיינע קינדער וועלן גרויסע פערזענלעכקייטן אויסוואקסן.אברהם אנטלויפט אין מיטן נאכט צו א פרוי פון מיטעלן עלטער וואס פלעגט אריינקומען אין יאטקע און וועגן וועלכער מען האט געזאגט אז זי לעבט מיט אלע מענער. די הייסט לאה און אברהם קען איר ווייל ער האט איר א פאר מאל געברענגט פלייש ווען ער איז בעגאנגען אהיים און זי האט אים אלע מאל פארהאלטן פאר טיי און קיכעלעך.זי דערשרעקט זיך פאר זיין אויסזען,אבער נעמט אים אריין און גרייט בלייך פאר אים עסן.ער אבער עסט גארנישט,און זי,מיי-נענדיק אז ער איז געקומען כדי געפינען טרייסט אין אירע ארעמס אין זיין עלנט און פארביטערטקייט,נעמט אים ארום אזוי ליב,און דעמלט שמעו שמים, כאפט ער דאס ברויט מעסער פון טיש און שניידט איר איבער דעם האלדז.

איצט איז שוין מער נישט וויכטיק וואס גאנץ קהל קערט זיך אפ פון אים אין פארדאמונג ווי פון א פשוטן מערדער,אפילו זיין זונס העתדבטאט ווערט מינימיזירט,נאר זיין איבערגעגעבענער פריינד דער ריטייערטער שוחט חיים לאזט נישט רעדן קיין שלעכטס וועגן אים.אבער דער שוחט אליין ווערט דער-פאר אויסגעלאכט.עס איז אויך נישט וויכטיק וואס מען זאגט אברהמען אז עס דראט איב טויט שטראף,און עס מאכט אויף אים קיין שום איינדרוק.

אדעלא ווייסמאן וויל ארבדז אריינברענגען אין דער וועלט פון זיינע

טראכטונגען,אז ער האט נישט א פרעמדע פרוי דערמארדעט נאר זיין אייגענעם זון יצחק,ווייל אזוי האט דאך זיין שכור כפירוש געזאגט,און אזוי ווי זיין האפענונג איז נישט מקוים געווארן וויל ער בעסער זיך מיט זיינע קינדער אויף יענער וועלט,און ער איז מלא שמחה ווען מען ווייזט אים אז מ'וועט אים,אפשר,אויפהענגען.

עס איז איצט קיין אונטערשייד נישט ווען מיר דערוויסן זיך אז מ'האט אים נישט פארמשפט צום טויט.מען האט אים דערקלערט פאר משוגע און אריינגע-געבן אין א האספיטאל.עס טרייסט אונדז אויך נישט דאס וואס די דערציילט אונדז אז מיט אזוי פיל יארן שפעטער ווען דאס יינגעלע משהלע,וואס בלייבט נאך איידיקס טויט,וואקסט אויס און ער מיינט אז מען האט זיין זיידן צוגע-בונדן אויף א קייט,אז ער איז איינגעפאלן און דאר.ער קומט אים זען און זעט, אז ער איז נישט צוגעבונדן.ער איז הויך און זעט אויס שטאלץ.פארשטייט נישט דאס קינד פארוואס,אבער ער טראכט "איי לאוו אים" - - - - - - -

איך האלט דאס בוך אין מיינע הענט.עס איז שווער,346 זייטן,געבונדן אין שווארצן לייוונט.האט אדעלא געגומען דעם סיוזשעט פון א קלאסישע גריכישע דראמע? איז עס א מעשה שהיה אין ווינניפעג? דאס בוך "דער קרבן" איז נישט קיין דורכשניטלעך בוך.

אין איר צווייטן בוך,וואס איז ארויס 18 יאר נאכן ערשטן,אין 1974,האט זי אן אויסצוג פון זוהר וועגן די וועלט באשאפונג.ווען גאט האט באשאפן די וועלט האט ער דאס הייליקע פייער אריינגעלייגט אין א פארמאכטע כלי, אבער אזוי ווי די הייליקע אויסשטראלונג איז געווען מעכטיק איז די כלי צעשפרונגען געווארן אויף שערבלעך,וואס שטראלן מיט הייליקייט און זיינען צעשפרייט איבערן גאנצן אוניווערס.

אין דעם בוך איז דא א ביסל אינפארמאציע וועגן די אויטארין פון די פארלעגער.זי איז געווען א סאציאלע ארבעטער אין לאנדאן,ענגלאנד,א שול לערער אין איטאליע,א בעהילפס פראפעסאר פון ענגליש אין מקגיל-מעקדאנאלד קאלעדזש און עקזעקוטיוו סעקרעטאר פון ראיאל ווינניפעג באלעט.

איר צווייט בוך "דער משוגענער",איז אויך א נישט געוויינטלעך בוך.די הויפט העלדן,נאך מער ווי אין איר ערשטן בוך,זיינען גענומען פון די אום-גליקלעכסטע יידישע ארעמקייט,אבער מיט א(?) פארהערלעכונג פון די געפאלענע בלינד און הויקערדיק פארל,אז איר מוזט שטיין מיט יראת הכבוד און דרך ארץ,דווקא פאר זיי,וואס שטייען סאציאל אויפן נידעריקסטן לייטער,אבער גע-וויסנהאפט און מאראליש אויפן העכסטן שטאפל.

דניאל וואס איז געווען בלינד פון זיין קינדהייט האט חתונה געהאט מיט רחלען אויפן שטעטלשן בית עולם ווען עס איז געווען א מגיפה און יידן האבן אזוי ארום געוואלט אפשטעלן גאטס צארן און אויך דעם צארן פון די גוים ארום,וואס האבן געהאט טענות אז יידן שטארבן נישט אזוי פיל ווי זייערע, עס מוז עפעס זיין א פארשווערונג.האבן די גוים געדראט מיט א פאגראם אויב

די מגיפה וועט נישט שנעל אויפהערן.האט קהל געכאפט צוויי ווילד פרעמדע מענטשן,נישט געפרעגט אויב זיי ווילן עס,און האט זיי ממש געצוווּנגען חתונה האבן.און וואס פארא וווּנדערלעכע ליבע און איבערגעגעבנקייט עס האט זיך אנטוויקלט צווישן די צוויי אומגליקלעכע קאליקעס.דניאל האט זיין גאנץ לעבן שטאלצירט,אז ער האט אפגעראטעוועט די שטאט פון א פאגראם, ווייל גלייך נאך זיין חתונה האט די מגיפה אויפגעהערט.

דא,איבעט ביים לאנד,ווו ער איז געקומען מיט דער הילף פון א רייכן אנקל,וועט ער זעט וועמען ער האט געברענגט (זיין פארשטארבענע שוועסטער האט אים נישט בעשריבן אז איר זון,דניאל,איז בלינד)זאגט ער זיך אפ צו העלפן זיי זיך איינארדענען און רחל גיים ארום וואשן פאדלאגעס און וועבט ביי אירע יידישע שכנים.אין א זאק טראגט זי מיט זיך איר קינד,א מיידעלע, האדא.

אין פארלויף פון די גאנצע שטארק פארכאפנדע דראמע,ווו עס שפילט זיך אפ דאס לעבן פון א יידישער משפחה "נא דניע" – אויפן אפגרונט פון בעל הבהישן יידישן לעבן אין א קאנאדער שטאט,שטייט אונדז פאר די אויגן דניאל, נישט ווי א געוויינטלעכער בלינדער אויף וועמען מ'דארף רחמנות האבן,נאר פארקערט,אזוי ווי א סגינהור,א צדיק,וואס דערציילט זיין קינד טאג און נאכט דאס וווּנדער מעשהלע פון זיין לעבן מיט וואס זי דארף אייביק זיין שטאלץ און אזוי געשעט עס טאקע – – –

אויב עמיצן האט זיך געדאכט אדער האט ערגעץ געהערט,אז אדעלא ווייס- מאן איז איינע פון יענע יידישע שרייבער וואס שרייבן פארן גוישן מארק מיט חוזק וועגן יידן,זאל זיך דערמאנען די סצענע ווי האדעל,די צו פעטע מיידעלע,שוין אין שול מיט גוישע קינדער,מיט וועמען זי קאן זיך נישט צוזאמענריידן,קריגט די געלעגנהייט פארן קלאס צו דערציילן די געשיכטע פון איר לעבן,ווי עס האבן עס אזוי געטאן פיל גוישע קינדער פאר איר. זי האפט אז איצט וועלן איר די שילער גאר אנדערש רעספעקטירן און ליב קריגן,ווייל דאס לעבן איז דאך געווען דאס וווּנדער מעשהלע וואס איר טאטע דער סגינהור האט איר אזוי פיל מאל דערציילט.געשעט עס אבער אזוי, אז די גוישע אויגן פון דער לערערין שטעכן איר דורך און שלאגט איר איבער אין מיטן,ווייל זי וויל נישט אויסהערן האדעלס באשלדיקונג אז אלע יארן האבן די גוים ארום די יידישע ישובים זיי פאלש בצשולדיקט אין אלע אומגליקן – – – – – –

עס זיינען דא נאך א פאר ווערטער פון האדא וועגן די גוים,אז זיי ווילן נישט מיר זאלן זיין ווי זיי,זיי ווילן מיר זאלן איבנאנצן נישט זיין... אזוי שרייבט א פרוי,געבוירן אין וויניפעג,איר פארשטייט?

אין אן אנדער ארט זאגט זי,אז מענטשן מיינען אז די גוים שלאגן אונדז צוליב חטאים.ניין,זאגט זי,ווען זיי זאלן אונדז נישט קאנען פאר-

ווארפן קיינע חטאים וואלטן זיי עס סיי ווי געטאן,דער עיקר איז דאך אז זיי ווילן אונדז דורכאויס שלאגן – אזוי רעדט נישט א יידן-האסער!

מיטן טויט פון רחלען הויבט זיך אן א שרעקלעכער טויש,אן אומבייט אין די איינפירונג פון האדלען.כאטש דער רייכער פעטער וויל באווייזן זיין גוטהארציקייט און שענקען א גרויסע סומע צו די עלטער-היים,מען זאל אריינ-נעמען זיין פלימעניק,וואס איז נאך נישט אזוי אלט,אבער מער הילפסלאז ווי אן אלטער.ער איז אויך גרייט צו געבן א סומע געלט צו די יידישע יתומים-הויז מען זאל אריינעמען האדען.אבער האדא,נאך זייער א יונג קינד,פאלט צו צום בלינדן טאטן און וויינט און שווערט,אז ווי לאנג זי וועט לעבן וועט זי און איר טאטע זיין צוזאמען.און איצט הויבט זיך אן די אומגעריכטע און סענסאציאנעלע אראפפאלן פון האדעלע,ווי דער בלינדער טאטע רופט איר.זי פארלאזט די שול און הינטער זיינע פלייצעס ווערט זי א גאסן פרוי - - - -

עס איז בפירוש אומפארשטענדלעך פארוואס אדעלא ווייסמאן האט דערפירט האדעלען צום אפגרונט.די גאנצע יארן שפעטער אנגעפאקט מיט מעשיקייט און דראמע,וואס האלטן אייך צוגעבונדן צו די געדיכט באשריבענע 300 זייטן פון בוך.אויף איין מינוט הערט האדעל נישט אויף צו פילאזאפירן וועגן איר לעבן און וועגן לעבן פון די מענטשן ארום איר.זיכער אומגלויבלעך פאר א פרוי וואס לאזט זיך אראפ צום אפגרונט.געוויינטלעך נעמען אזעלכע פרויען בראנפן, וויין,צו בארוישן זיך און די געסט.האדעל טוט עס נישט,אבער די רייד ווערן פלוצלינג אזוי ווולגאר,אזוי מיאוס.ווען זי זעט וועטעראנען פון די מלחמה, וואס זיינען א היים געקומען קריפלס,לאכט זי פון זיי.זי זאגט אז אויך זיי האבן געפעדלט מיט זייער הינטער חלק כדי צו פארדינען צום לעבן.זי ווערט אויך אקטיוו אין א דעמאנסטראציע,שלעפט אראפ א פאליציאנט פון א פערד און לאזט אים ליגן א צעשלאגענעם.

זיינען דאס אלץ די היין און הער געדאנקען פון א היינצייטיק יידישע געלערנטע פרוי אין ווינניפעג?

דאס בוך ענדיקט זיך דווקא נישט אזוי שלעכט.די גרויסע וועלט מלחמה ברענגט אן איינזאמען יידן,לאזאר,וואס טרעפט שוין האדאן א שטיקל "מענע-דזשערין" אין א דעליקאטעסן געשעפט,אדער בעסער אין די קיבעצארניע אונטער די סטאר,ווו מען געמבלט אין איר אנוועזנהייט און צייט צו קונים.און כאטש לאזאר וואס האט זיך ממש פון די טויטן גריבער ארויסגעקריגן ווייסט אז זי איז נישט פון א גוטן מאראל,זאגט ער איר אז ער וויל איר.ער קומט דארט געמבלען נאר צוליב איר און גלויבט זי וועט אים אפזאגן וועט עס זיין ווי זי וואלט אים צוריק געשיקט צו די גריבער - - - - - - -

איך גלויב אז אדעלא ווייסמאן האט זיך געשטעלט פאר א ציל צו ברענגען צו א גוטן קלימאקס,אז דער סוף איז גוט איז אלץ גוט; אדער גאר אז די מיאוסטע פון די יידן האבן דאך אן אינערלעכע שיינקייט, וואס שטייגט איבער די שיינע און גוטע פון אנדערע.

באין אופן טאר מען איר נישט מוחל זיין די מיאוסע שפראך וואס זי באנוצט באר אין צווייטן בוך.זייט די אנהויב יארן פון קינסטלעריטער ליטעראטור אויף יידיש,בוזן היינטיקן טאג,איז אונדז בעלונגען אויסצומיידן די גאסן שפראך.אפילו ווען די יעקב שאפשעוויטשעס זיינען געווען נידעריק,אבער די שפראך איז געבליבן ריין.

ווען ווייסענבערג ברענגט פארגרעבטע טיפן יידן,מיינט דאס אלץ נישט אז זייער שפראך איז געווען פון רינשטאק.געווען אמאל א שמעון האראנטשיק,וואס האט געפרווט ברענגען א ביסל גאסן שפראך,אבער נישט אזוי מיאוס ווי ווייסמאן האט עס געמאכט.

מיר דוכט אז דער מאטא פון זוהר,וואס זי ציטירט ביים אנהייב,האט איר פארפליכטעט צו עפעס העכערס ווי דאס ג׳וך "דער משוגענער".איך פיל,אז זי איז בכוח צו שאפן מוסטער העלדן פון יידישן לעבן,וואס זאלן ווערן א ק י ד ו ש ה ש ם, און עס איז נישט נייטיק זי זאל זיי שעפן פון אפגרונט. נישקשה מ׳קאן אויך פון מיטלקלאס געפינען מענטשן וועמענס לעבן זאלן דינען ווי מוסטערן צו וועמען ארויף צו קוקן.

# דער יחיד און די וועלט ארום אים

צי פילט דער דורכשניט מענטש,אז ער איז ארומגערינגלט מיט פריינד? אז זיין לעבן און שטימונג איז עמיצן נוגע; פילט ער די איבערגעבנקייט פון זיינע עלטערן,וואס ווילן אים בייששטיין אין אלע זיינע נויטן,אפילו ווען ער האט קעגן זיי געזינדיקט; די געטריישאפט פון זיינע קינדער,וואס וועלן זיין גרייט צו יעדער צייט צו ענטפערן דעם רוף פון די עלטערן? צי קאנען די עלטערן זיך פארלאזן אויף זייערע קינדער ווי אויף א זייל פון שטארקייט,ווען זיי וועלן זיך אין אזא "פילער אף סטרענגט" נויטיקן? צי פילן די מערסטע עלטערן,אז זייערע קינדער וועלן אפילו פארן פרייז פון מאכן זיך אומבאקוועם,דאך ברענגען שוץ און אכטונג צו זייערע עלטערן,ווען זיי וועלן זיך אין אזא שוץ נויטיקן? און ווי זיינען די באציונגען צווישן שוועסטער און ברודער? מיר ווייסן דאך ביישפילן פון פריערדיקע צייטן, ווען ברידער און שוועסטער זיינען געווען אזוי נאענט און ליב איינע צו די אנדערע,ממש איין לייב און איין נשמה.איז עס אזוי נאך היינט? און וואס זיינען די מאן און ווייב באציאונגען? מען זאגט אונדז,אז די גרויסע חכמים פון אונדזער דור האבן אויסגערעכנט,אז די היינטיקע חתונות דויערן נאר דריי יאר אין דורכשניט,אבער די צווייטע חתונות האלטן שוין אן לעבער - זיבן יאר.

וויל איך דא אריינדרינגען אין געמיט פון אונדזער מיט-מענטש און אויס-געפינען: איז ער צופרידן,איז ער גליקלעך? מען האט אזוי פיל גערעדט וועגן דער קללה פון ארעמקייט,וואס האט נישט געלאזן געניסן דאס נויטיקסטע אין לעבן,איינגעשלאסן עלעמענטארע בילדונג.האבן מיר דערפאר געהאפט אין יאר 1950,ווען אין אמעריקע און קאנאדע,אין רוסלאנד און אזויפיל אנדערע מדינות אין איראפע,איינגעשלאסן אויך דאס יידישע מדינהלע ישראל,אז עס וועלן זיין יארן פון שפע און שלווה,אז קינדער געבוירן נאך די גרויסע אפאקאליפטישע קאטאסטראפעס וועלן זיין שלום מיט זיך און שלום מיט דער וועלט,און ווי שיין וועט עס זיין ווען אלע מענטשן וועלן קריגן עלעמענ-טארע בילדונג בחינם און וועלן צוריק אפגיען די חאובע וועלט.א פיין דערצויגענער מענטש וועט דאך זיכער זיך נישט אריינלאזן אין פארברעכנס

און דאס געלט וואס מיר גיבן אויס פאר פאליציי,וועט מען דאך קאנען אויס-
געבן צו בויען בעסערע און שענערע היימער פאר מענטשן צו וווינען.

פאר אונדזערע אויגן אבער זיינען פארגעקומען נייע און מאדנע אויפ-
פירונגען פון די יונגע מענטשן.איך ווייס נישט פון וואנען און פון ווו
עס האבן זיך געיאוועט "היפיס".דאס זיינען מענטשן,וואס פארלאזן זיך לאנגע
האר און ווילן נישט ארבעטן.עס איז רעכט ביי זיי צו דרימפלען אדער צימבלען
א גאנצן טאג אויף אן אינסטרומענט.אלץ וואס זיי ווילן איז מוזיק-מיוזיק.
אנשטאט די רואיקע שטילע אטמאספער אין הויז,ווו דער טאטע איז דער אויטא-
ריטעט און ווען א קינד באגעגנט זיך אן אויף א פראבלעם,פלעגט מען זיך
אוועקזעצן און האבן א פאמיליע בעראטונג,איז עס באר געווארן א מאדע אז
קינדער ציען זיך ארויס פון די עלטערנס הויז אין א גאנץ פריען עלטער,
און מיט זעלטענע אויסנאמען פארלירן די עלטערן לגמרי דעם קאנטאקט מיט
זיי...

איז דאס אלץ א רעזולטאט פון וווילטאג?...

אויך איז עס א קללה די אפיום נוצער צווישן די קינדער אין אמעריקע.
וואס פארא ביידער ווירט האט דאס אומגליק געברענגט? קאן א רעגירונג אזא
זאך נישט באקעמפן? - - - - - - - - - - - - - -

און איז דאס ביז איצט געזאגטע נישט גענוג, איז נאך דא די שרעק פון
ארויסגיין אין גאס אין ניו יארק ווו קיינער איז נישט זיכער מיטן לעבן
און מען פארשליסט די טירן מיט זיבן שלעסער...

די לאגע אין אנדערע לענדער פון דער וועלט איז ספעציעל אנגעשטרענגט.
רוסלאנד האנדלט אלץ מער הוצפהדיק - אלא היטלער, אן קיין שום פרווו פאר
אן אמתן שלום.איז עס דערפאר ווייל די וועלט ארום אונדז איז אזוי נישט
זיכער און וואס דער מארגן וועט ברענגען ווייס קיינער נישט.איז עס דערפאר
וואס דער מענטש דא, ,און אין אמעריקע פירט זיך אויף אזוי מאדנע.אנשטאט
צו פאראייניקן מענטשן פאר דעם גרויסן אידעאל צו ברענגען פרייהייט פאר
דער וועלט, אפשאפן אלע דיקטאטורן, אן שום אונטערשייד פון קאליר רויט,

שווארץ אדער גרין.צעטרענצלט מען די ענטפערס און די אינטעליגענץ פון די מענטשן צו באזונדערע גרופקעלעך: יוגנט גרופן,עלטער גרופן,סאציאלע גרופן,ספארט גרופן; פרויען ליגע און אומפארטייאישע קומט מען ארויס און מען זאגט אמן,אז מען איז גאר לעטביענס!!!

ערגעץ זייגען געווען קלאנגען וועגן א קלוב אין רוים,וואס האט געזאלט זיין אזוי ווייט פארגעשריטן,אז ער האט געזאלט געבן ריכטליניעס צו די לענדער פון דער וועלט.מיט אנדערע ווערטער – טו אדער שטארב – ווו זיינען די איצט?

מיר דוכט,אז ענגלאנד האט אלע יארן אויסגעאיבט אן איינפלוס אויף דעם אמעריקאנער דענקען... עס זעט מיר אויס,אז דורקגאן איז נישט די פערזאן, וואס האט א גענוג ווייטזיכטיקן בליק איבערצונעמען די פירערשאפט פון דער וועלט.צי וועט אין אמעריקע,וואס פייערט איצט איר צווייהונדערט יעריקן יובילעום נישט אויפשטיין א מענטש אין וועלכן די צייט נויטיקט זיך אזוי? און אפשר פון קאנאדע? פון ישראל? מיט דריי און צוואנציק יאר צוריק, ווען מען האט צום ערשטן מאל אויפגעריסן די הידרא-באמבע,האבן מענטשן געזאגט אז עס איז שוין דריי מינוט צו צוועלף ביינאכט. ניין,זאג איך, די וועלט גייט נישט אונטער! אבער ס'איז גוט צו זען די וועלט ארום זיך און נישט נאר פון אונדזער ענגן קוקווינקל....

געווען צייטן ווען מענטשן האבן זיך געפילט זייער ענג פארבונדן מיטן ארום.-- מיין שטאט, מיין לאנד, מיין פאלק. זייגען עס געווען די היפער פילאזאפן וואס האבן דעם מענטשן אפגעריסן פון אלע הייליקייטן און אים פארוואנדלט אין א ציניש "פרעס היינט" באשעפעניש, ווייל מארגן שטארבסטו. אדער איז עס געשען דערפאר, וואס דער גרויסער חלום וועגן סאציאליזם אין אונדזער צייט האט אזוי מיאוס באנקראטירט און זיך גאר פארוואנדלט אין א העסלעכע דיקטאטארישע קליקע,ווו דער יחיד ווערט אויסגעניצט ערגער ווי אין די קאפיטאליסטישע לענדער. ווייל איינער פון דארט אנטלויפן שיסט מען אים. דער יחיד האט מער קיין רעכט נישט.ווייל עס דראט א געפאר אז זיי זאל געלינגען די וועלט צו פארנאפן, איז עס דערפאר וואס די מערהייט מענטשן

דא גייען אדום כצון בלי רועה,און פירן זיך אויף אזוי מאדנע?

עמיצער האט בעזאגט,אז די צוויי גרויסע וועלט מלחמות האבן פארוואנדלט די מענטשן אין ציניקער,און צייטונגען פארזיכערן אונדז,אז אין די גרויסע שטעט מאכן בכלל נישט גרעסער נאר די גרויסן,נאר די אנגעשטעלטע אליין בכלל נאך מער ווי די קונים און די בעלי-הבתים ווייסן עס און קאנען זיך נישט העלפן,ווייל זיי קאנען קיין בעסערע,מער ארענטלעכע נישט קריגן.רעכענען זיי צו די פארלוסטן צו די אויסגאבן און די באפעלקערונג צאלט דעם פרייז, ווייל זי האט נישט קיין ברירה...

איינער האט,דוכט זיך,ריכטיק אנגעוויזן,אז די שולן ווו מען לערנט די קינדער פראקטישע לימודים: שפראכן, רעכענען א.א.וו. לייגן נישט גענוג געוויכט צו לערנען די קינדער הומאנע לערעס עטיק אדער גאר פשוט די באציאונגען פון בין אדם לחברו.רבי ישראל סאלאנטער מיט זיינע תלמידים וואלטן גוט צונויץ געקומען מיט זייער מוסר צו לערנען די היינטיקע שילער אנשטאט די אויסגעהונגערטע בחורים פון די אמאליקע קלויזן,וועגן וועלכע עס שרייבט אזוי שיין חיים גראדע...

און ווידער קומען אנדערע און קלערן אויף,אז ווי לאנג די היים וועט נישט ווערן אן אזיס,ווו יעדער וועט קאנען אהיימקומען און געפינען על-טערן,שוועסטער,ברידער,וואס וועלן ברייט זיין אויסצוהערן און ארויסצו-העלפן דעם איינציקן אין זיין פראבלעם,און דער עיקר נישט ווי מען גיט עס אונדז צו פארשטיין,אז חהונות דויערן נאר דריי,העכסטנס זיבן יאר.מען מוז נאר אויפבויי אנהויבן איבערדערציען די פרויען אז בעסער און שענער איז דאס לעבן מיט איין מאן און נישט מיט פופצן מענער,אדער ווי זיי טוען עס היינט,מען לעבט נאר עטלעכע יאר צוזאמען,דערנאך איבגאנצן אליין און אין צווישן ווארפט מען זיך פון איינעם צום אנדערן און מען רעדט זיך איין אז מען איז בליקלעך...

רעד איך דא ווידער ווי א בטלן? קיינמאל וועלן זיי אויף דעם נישט מסכים זיין.נון, קיין פאליציי האב איך נישט און וועט מען גיט זיי מיר

שיק איך זיי גלייך אהיים.מיט פאליציי מאכט מען נישט די וועלט גליקלעך. עס איז א פאקט,די לענדער וואס ניצן ווייניק פאליציי לעבן צופרידענער און רויקער ווי די דיקטאטארישע, וואס קאנען נאר עקזיסטירן אויפן שארף פון זייערע שווערדן.

די האפענונגען און די אנטוישונגען פון יידן זייט
דעם אנהייב פון אונדזער יארהונדערט ביזן היינטיקן טאג

די עלטערע מענטשן וואס זיינען געבוירן געווארן א ביסל פארן אנהייב פון 20טן יארהונדערט,אדער די וואס זיינען געבוירן געווארן נישט לאנג דערנאך,קאנען אונדז,אפשר מער דערציילן וועגן די האפענונגען ביי יידן אין יענער צייט.די קליינע יידישע ישובים אין דייטשלאנד און ענגלאנד,און אין אנדערע לענדער,האבן גארנישט בייגעטראגן צום וווילזיין און גוטן געמיט, וואס האט אזוי אויסגעפעלט ביי די פוילישע און רוסישע יידן,וואס זיינען געווען דער רוב מנין פון יידישן פאלק אין יענער צייט.ווען דאס רוסישע מיליטער האט אזוי מיאוס פארשפילט אין דער רוסיש-יאפאנישער מלחמה און א יאר שפעטער דערפירט צו א פרווו פון א רעוואלוציע,אין 1905,האבן עס די רוסישע קאזאקן דערטרונקען אין בלוט און דערביי אנגעווארפן אזא פחד אויף די ליבעראלע עלעמענטן פון פאלק,אז עס האט געבראכט צו א פעריאד פון בלייב-בילטיקייט און מאסן זעלבסטמארדן צווישן די רוסן,און דער אנהייב פון זוכן נייע אויסוואנדערונגס לענדער ביי יידן.מ'קאן זאגן אז אין דער אייגענער צייט האט זיך אנגעהויבן סיי די אמעריקאנער און סיי די עמיגראציע קיין ארץ ישראל.

עס זעט אויס,אז די לאגע אין רוסלאנד איז דאך געווארן שווערער פארן רעזשים,און ווי מיר ווייסן עס איצט,האט מען האט מען,כדי אפווענדן דעם כעס פון די מאסן צום פארהאסטן רעזשים,אינסצענירט א ביילים פראצעס,וואס האט יידן אין פוילן און אין רוסלאנד געהאלטן אין טויט-שרעק פאר לאנגע חדשים.אויב דאס געריכט וועט אורטיילן,אז ביילים,דער ייד,האט געהרגעט א גויש קינד פאר ריטועלע צוועקן,ווייסן דאך יידן שוין פון לאנגער דערפא-רונג זייער גוט,וואס א רעגירונג אונטערגעהעצטער המון קאן טאן... יענע האפענונג פון יידן איז מקוים געווארן - ביילים איז באפרייט געווארן.

עס ברעכט אויס די 1914-18 מלחמה,די אזוי גערופענע ערשטע וועלט מלחמה. ווי האבן יידן געפילט? ביין געהרגעט ווערן פאר א רעזשים וואס האט זיי אזוי בייטער געפייניקט און האט זיי אזוי ווייניק רעכט געגעבן?! און

אפשר וועט דער סאלדאט מיט וועלכן איך וועל דארפן גיין "בא שטיקי" באר זיין א ייד,און ער וועט,אפשר,אויסשרייען - שמע ישראל - וואס וועל איך דעמאלט טאן?

ווען די רוסישע מיליטער מאכט האט אנגעהויבן ארויסצושיקן די גאנצע יידישע באפעלקערונג פון די שטעט נאענט צו מיליטערישע אפעראציעס,און עס האבן זיך אנגעהויבן צו באווייזן לאנגע שורות מיט וועגענער,אויף וועלכע עס זיינען הילפלאז געלעגן אלטע,יונגע און אפילו ערשט-געבוירענע עופהלעך, אויף די גאסן פון ווארשע,האט דער גרויסער יצחק לייבוש פרץ,אין יאר 1915, מער דעם צער נישט געקאנט צוזען און איז טאקע פון גרויס מיטלייד פון א יידיש הארץ אויסגעגאנגען מיט די ווערטער "שטילער,שטילער,דאנקען וויל ער".

ביז דעם יאר 1918 האט זיך דער ישוב אין אמעריקע אזוי איינגעפונדעוועט סיי אין צאל,סיי אין פארמעגן,אז אזוי שנעל ווי עס האט זיך געעפנט א וועג פאר יידישע שליחים צו קומען ברענגען הילף,האבן אנגעהויבן אנקומען וואגא- נען מיט מאנישעווישעס מצות,אלערליי פושקעס מיט מילך.פריוואט האבן טוי- זנטער מענטשן אנגעהויבן קריגן געלט און פעקלעך פון אמעריקע - - -

ווידער זיינען געווען אלערליי האפענונגען.עס האט געהייסן אז אין רוס- לאנד בויט זיך א נייע וועלט ווו יידן האבן זייערע אייגענע מלוכה-טעאטערס, צייטונגען און אוניווערזיטעטן.יידן אין פוילן האבן,אין יענעם פעריאד, געקוקט אויף רוסלאנד ווי א ישעיה הנביאס חלום אין רעאליטעט.מען האט מיט וווגדער דערציילט ווי די קאזאקן ברידערן זיך מיט די יידן.נו,וואס קאן שוין זיין בעסער!

אין פוילן,וואס איז געווארן א זעלבשטענדיקע מלוכה,זיינען שנעל געקומען אנטוישונגען.פון אמעריקע איז געקומען דער גענעראל האלער מיט זיינע לעגיא- נערן און האבן גלייך גענומען טרייבן די יידן פון די באנען און אפילו פון די וואגאנען ארויסגעווארפן.אזוי זיינען געקומען די פוילישע פאטריאטן פיי- ערן זייער פאלקס באפרייאונג נאכן אונטערליגן דריי הונדערט יאר דעם צארישן רעזשים.אזוי האט זיך געצויגן איין קיים כרן ליידן פאר די פוילישע

יידן,צו ווענען די פאליאקן,איינגעשלאסן די קאלעדזש סטודענטן,פלעגן שרייען:
"זשידזשע דא פאלעסטיני!"... זיי האבן נאר געמיינט,אז זיי ווייזן ארויס
העלדישקייט ווען זיי האבן די יידישע סטודענטן נישט געלאזט זיצן צוזאמען
מיט זיי אויפן אוניווערזיטעט.

נ א ט ווייפל אנטוישונגען האבן יידן נאך אלץ איבערצולעבן אין איצטיקן
יארהונדערט?...

ווען מיר קומען צו די יארן 1939-45 קאן מען דאך מער נישט נוצן די גע-
וויינלעכע ווערטער,ווייל וואס די דייטשן האבן געטאן צו אונדז יענע יארן,
בעת זיי האבן אומגעברענגט א דריטל פון אונדזער פאלק,קאן מען דאך נישט בא-
שרייבן.דוכט מיר,אז נאר איין באצייכענונג קאן דא זיין,אז מיט דעם וואס
זיי האבן געטאן צו אונדז,האבן זיי פארשעמט דעם נאמען מ ע נ ט ש עד סוף
כל הדורות.און זאלן די פאנאטיש-פרומע מיר לאכן אין פנים: - כא-כא - זאגט
ער - א טאטע,וואס שלאגט אמאל א קינד איז נישט קיין טאטע? - מיין ליבער
ייד - זאג איך אים - א טאטע,וואס הרגעט זיין קינד איז נישט קיין טאטע,
ער איז א מערדער!

און מעג יענער היסטאריקער זיך אזוי פרייען: - דעם שונא איז נישט גע-
לונגען,מיליאנען האט ער טאקע אויסגעהרגעט,דאס פאלק אבער לעבט ווייטער.
- ניין - זאג איך - ווען מיין שונא דערהרגעט מיין ברודער,טרייסט איך זיך
נישט וואס איך לעב.תשעה באב טרויערן מיר שוין באלד צוויי טויזנט יאר,
און דעמלט זיינען נישט געפאלן אזוי פיל קרבנות.

א חלום און א האפענונג,וואס האט געלעבט אין אונדזערע אלעמענס הערצער,
ווי א וייט-ווייטער שטערן צו וועלכן מען קאן נאר ארויפקוקן,אבער ארויפקו-
מען - ווי אזוי? אלע ווייסן ווי שווער עס איז אנגעקומען דעם דר. הערצל
איבערצוצייגן די יידן,אז זיי קאנען האבן אן אייגן לאנד אויב זיי וועלן
נאר שטארק וועלן.אלע ווייסן אויך,אז הערצל האט פארגעזען א לאנגן און
שווערן וועג דעם ציל צו דערגרייכן.עס איז געווען א גליקלעכער טאג פארן
יידישן פאלק ווען נאך אזוי פיל ליידן צווישן פרעמדע פעלקער,האט די פא-
ריייניקטע פעלקער גרופע,וואס איז דעמלט באשטאנען פון ניין און פערציק

מלוכות,אריינגענומען ישראל ווי א גלייכע מיט אלע אנדערע מדינות,אין יאר 1948.איך גלויב קוים,צי עס געפינט זיך אין יעדן יידישן הויז אין קאנאדע, אמעריקע,אפילו אין ישראל-אליין,א קאפיע פון דער זעלבסשטענדיקייט דעק־לאראציע,בעחתמעט פון בן גוריון און אנדערע,יענעם פרייטיק אין ישראל.

אויב יידן זיינען געבליבן איינגעבויגן פון צער,ווען זיי האבן זיך דער־וווסט וועגן די אומגלויבליכע געשעענישן אין פוילן און אין רוסלאנד,האבן זיי שפעטער,ווען ס'איז אנגעקומען די גוטע נייעס,קוים א ביסל זיך אויס־געגלייכט מיט נייע האפענונגען פאר א גרויס און גליקלעך ישראל,וואס וועט לעבן בשלום מיט אלע פעלקער ארום און וועט באאיינפלוסן דעם גאנצן ראיאן צו שלווה און שפע - - -

זיכער האבן מיר דעמלט נישט געוווסט,אז רוסלאנד - איצט אונטער אן איי־זערנער דיקטאטור פון א קליקע,אן א שום צייכן פון א שמץ פון פערזענלעכער פרייהייט,וואס דערמאנט שטארק אין בוך 1984 פון ארוועל,ווו יעדער וועט מוזן האבן ביי זיך אין הויז א טעלעוויזיע פענצטער,גרויס ווי א גאנצע וואנט,ווו דער גרויסער ברודער זאל אלעמאל קאנען אריינקוקן און ארייג־הערן אין הויז און וויסן וואס יעדער טוט און וואס ער רעדט - וועט ווערן דער אוואנגארד פון יידן-האס אויף דער וועלט.אז זייט די יארן 1948-50, ווען גאלדע מאיר איז געווען אמבאסאדאר אין מאסקווע,און זיי האבן געזען ווי גליקלעך יידן זיינען צו האבן אן אייגענע מלוכה,זיינען זיי געווארן אזוי בייז אויף יידן,אז זיי האבן אנגעהויבן אנטאן צרות און באגרענעצט זייערע רעכט צו א מינימום.

אויב זיי האבן אויפריכטיק געוואלט פארגיטיקן די אומגעהויערע עוולות פון דער וועלט,וואס יידן האבן געליטן פון זיי,און דערפאר געשטימט מען זאל יידן צוריקגעבן זייער לאנד,ווי קומט עס וואס זייערע הערצער זיינען אין שטיינער פארוואנדלט געווארן און פלוצלונג אלע בעסטע יידישע שרייבער, ארטיסטן און אנדערע גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן,וואס האבן אזוי געטריי געדינט דעם רעזשים מיט לייב און נשמה,זיי אלעמען האט מען גאר מיטאמאל

ארעסטירט,אויסגעהרגעט און אפגעשאפט אלץ וואס האט געהאט א שייכות צו יידישע קולטור? מוז מען דאך קומען צום אויספיר,אז אין זייערע אייגענע אינטערעסן האבן זיי דעמלט געוואלט אויפשטעלן א יידישן שטאט,כדי אזוי ארום צעברעכן דעם ענגלישער מאכט אויף דער וועלט,און צוליב זייערע אייגענע אינטערעסן ווילן זיי איצט פארניכטן דעם יידישן שטאט,כדי צו ברעכן דעם איינפלוס פון אמעריקע אויף דער וועלט,ווייל זיי פארשטייען עס דארט זייער גוט,אז נאר אמעריקע איז געבליבן די איינציקע פעסטונג,וואס האט די מאכט צו באקעמפן רוסלאנדס ווילן פאר וועלט העגעמאניע.מער ווי אלע אנדערע וועלט דעראבערער האבן זיי אנגעזאמלט קריגס מאטעריאלן גענוג צו פארניכטן די גאנצע וועלט און קיינעם ווייסט נישט וויפל עס קאסט און וויפל פראצענט פון בודזשעט גייט אויף דעם אוועק.מ'גיט דען דעם פאלק אדער דער וועלט א דין וחשבון?

עס איז ווירקלעך געשען א נס,ווי אזוי פון אן ארימען יידישן אימיגראנט האט זיך אנטוויקלט א בליענדיקער יידישער ישוב פון זעקס מיליאן יידן אין אמעריקע,וואס שטעלן פאר מיט זיך א כוח,פאליטיש און פינאנסיעל,אזוי גרויס ווי נאך קיינמאל אין דער יידישער געשיכטע.אחוץ די פעלקער אין אייראפע ווי פוילן,אונגארן,רומעניע,אלע אונטערן סאוועטישן שטיוול,זיינען אלע סקאנדינאווישע לענדער געבליבן יידן פריינדלעך.ענגלאנד,וואס האט צו-געזאגט אין איר באלפור דעקלאראציע צו שאפן א היים אין ישראל האט אבער אזוי ביטער אנטוישט אין געוויסע צייטן,ווען מען האט גאר פארמאכט די טירן פון ארץ ישראל,איז איצט ווען זי איז געפאלן פון א גרויסמאכט צו א קליין מלוכהלע,ערב באנקראט,ווו איז אהינגעקומען איר מעכטיער ים-פלאט?

טאנצט זי איצט אויף צוויי חתונות: בויגט זיך פאר אמעריקע און שטייט אויף די קני צו קריגן קאנטראקטן פון די אראבישע לענדער,און טארן דערפאר נישט ארויסווייזן קיין יידישע סימפאטיע,כאטש איך צווייפל,צי זי וואלט עס בכלל געטאן צוליב ריין הומאניטארע צוועקן.וואלט עס נישט געווען מער ווי רעכט,אז ענגלאנד און אמעריקע זאלן גיין ענגער צוזאמען אין אנגעזיכט פון אזוי פיל אזיע און אפריקע לענדער,וואס שטימען אלע ווי אויטאמאטן צו אלץ וואס די רוסן שלאגן פאר,כאטש זיי אליין האבן בפירוש גאר א פארקערטע

מיינונג. דאך קוקן מיר צו דער צוקונפט מיט אפטימיזם און האפענונג.ווי מיר ווייסן זיינען איצט דא העכער פיר ביליאן מענטשן אויף אונדזער ערד. די וועלט האט איצט א סך צרות אחוץ אונדזערע.אויב די גרויסע וועלט-פירער קאנען רואיק שלאפן און אנגיין מיט זייער טאג-טעגלעך לעבן,מעגן מיר עס דאך זיכער - - - - - - - -

ווען עס קומט אבער צו דער פראגע וואס פארא אקטיווע ראלע מיר שפילן כדי צו פירן אונדזער לעבן צו שיינקייט און וווילזיין,מוזן מיר ענטפערן, אז יעדער אין זיין קרייז,יעדער אין זיין משפחה,קלוב,ארגאניזאציע א.א.וו. מוז צו אלע צייטן אונטערשטרייכן אונדזער באלאנגען צו אן אלט פאלק,וועמענס אינטערעסן דירן אונדז אן ווי ברידער.אונדזער אייגענע מאראלישע אויפפירונג איז ביז היינט געווען א מוסטער פון גוט דערצויגענע און קולטורעל פאראינ-טערעסירטע מענטשן.יינדער דערציאונג איז געווען א חוב וואס די ארעמסטע טאטע-מאמע האבן פון זייער מויל אפגעשפארט און קינדער אין חדר געשיקט. היינט ווען אלגעמיינע שולן זיינען פריי הערן מיר אז אין ניו יארק זיינען לערער אין געפאר געשלאגן צו ווערן פון די שילער.איז עס אמת?

יערלעכע אפילם ווערן געמאכט אלע יאר צו העלפן די שטאטישע נויט-ליי-דנדיקע.יערלעכע אפילם ווערן געמאכט צו העלפן ישראל,טוט איר עס?

עס זיינען געווען ערגערע צייטן ווי די היינטיקע.ביים לעצטן פערטל פון היינטיקן יארהונדערט שטייען מיר ווידער מיט נייע אנטוישונגען,נייע שרעקן,אבער אויך מיט נ י י ע ה א פ ע נ ו נ ג ע ן !

די משפחה

זונטיק, דעם 26טן יאנואר 1976.

איך האב אויפגעשריבן די דאטע פון דער היינטיקער עסיי, ווייל איך האב צום ערשטן געמוזט באפרייען זיך - און אלע יידן פון אונדזער צייט - פון נייעסטן און מיאוסטן בלבול וועגן יידן, וואס אונדזערע "ליבע שכנים" האבן אויסגעטראכט - - -

בלבולים זיינען געווען פיל און פארשיידענע:

- יידן פארסמען די ברינעמער;
- יידן גנבענען די הייליקע האסטיע;
- יידן צאפן בלוט פון קריסטלעכע קינדער און נוצן עס אין מצוה;
- יידן זיינען שפיאנען און גיבן געהיימע סיגנאלן דעם שונא, והא ראיה זיי שפרינגען זייער געהיימניספול אויף די באלקאנען, מכלומרשט זיי זיינען מחדש די לבנה;
- יידן זיינען קאפיטאליסטן;
- יידן זיינען אלע קאמוניסטן, א שטייגער טראצקי;
- יידן האבן פארכאפט די מאכט אונטערן טראן פון אלע פעלקער דורך זייערע פינאנס מאגנאטן, והא ראיה - ראטשילד.

איצט אין 1975 האבן די גרויסע וועלט פירער, אלע ווי איינער, זיך פארזאמלט אין דעם גרויסן גלעזערנעם בנין אין ניו יארק און מיט א מערהייט שטימען פראקלאמירט ל כ ל ע ם ו ע ד ה, אז ציוניסטן זיינען ראסן-האסער, מיט אנדערע ווערטער: זיי הרגענען מענטשן פון אנדערע פעלקער אן שום פארוואס, נאר דערפאר ווייל זיי זיינען נישט פון דער זעלבער ראסע... א שטייגער ווי היטלער, ימח שמו, האט עס געטאן מיט יידן.

ווי קומט עס וואס אזא נישט-לאגישע רעזאלוציע האט געקאנט אדורכגיין, כאטש אמעריקע איז געווען אזוי שטארק דאקעגן?

ווייל אלע פעלקער וואס געפינען זיך אונטערן רוסישן צוואנגס סיסטעם האבן געמוזט שטימען ווי רוסלאנד האט געהייסן; און אלע לענדער וואס נייטיקן זיך אין אויל פון די אראבער, האבן געמוזט שטימען ווי די אראבער האבן געהייסן, אנדערש האט זיי געדראט די געפאר צו בלייבן אן אויל, וואס איז איצט דער הויפט קוואל פון ענערגיע פאר כמעט אלע פעלקער פון דער וועלט... אזוי פארשטייען עס אלע רעכט-דענקענדיקע מענטשן, אז די רעזאלוציע איז נישט מער ווי איין גרויסער אומפארשעמטער ליגן און די גרעסטע היפאקריטסטווא וואס איז אמאל דורכגעגאנגען אין יענעם בנין.

מיט א צעבראכן הארץ, ווי יעדער ייד האט אוודאי געמוזט פילן נאך דער אפשטימונג, האב איך גאנץ צופעליק אהיימגענומען פון דער ביבליאטעק

די ווונדערבארע פאעמע פון יחיאל לערער "מיין היים", וווּ ער באשרייבט דאס בליק און די פרייד פון דער יינגסטער טאכטער אין א הויז פון ניין קינדער, ווען זי דערציילט דער מאמען, אז זי איז באשטעטיקט געווארן צו פארן אויף הכשרה... די מאמע ווייסט נישט וואס איז דאס אזוינס. דער-ציילט איר די טאכטער, אז זי וועט זיין אוועק א שטיקל צייט פון דער היים און שפעטער וועט זי קריגן א סערטיפיקאט. און ווען די מאמע פארשטייט דאס אויך נישט, כאפט איר די טאכטער ארום און זאגט איר: מיין ליבע מאמע, געזונט זאלסטו מיר זיין/ דאס איז דאך א בילעט אין אונדזער לאנד אריין/. און ווייטער זאגט איר די טאכטער, אז ווען זי וועט זיין אין ארץ ישראל וועט זי דעם טאטן מיט דער מאמען אהין ברענגען, דערנאך וועלן זיי שרייבן צו זייערע ברידער און שוועסטער, וואס זיינען זיך צעפארן אין אלע עקן וועלט, זיי זאלן אלע קומען און זיין צוזאמען אויפן אייגענעם קליינעם שטיקל ערד... /עס איז נישט גוט אפצופינצטערן ביי פרעמדע טישן דאס גאנצע לעבן/ - אויב באט האט שוין יא אן אייגן ווינקעלע געגעבן.../

אפשר האט מען באדארפט איבערלייענען די פאעמע פאר די שרים פון דער וועלט און פרעגן, צי איז יחיאל לערערס ציוניזם - ראסיזם? צום באדויערן איז לערער אליין אומגעקומען אין געטא ווארשע, כבוד זיין אנדענק ...

---

יחיאל לערערס פאעמע איז ארויס אין ווארשע אין יאר 1939. פינף און דרייסיק יאר שפעטער איז ארויס שלום שטערנס בוך "די משפחה אין קאנאדע". זיין בוך שרייבט ער ווען ער קומט צוריק פון א רייזע אין פוילן.

איינציק איז אונדזער שורש,
יעדער ייד דארף היינט ווערן
א גייסטיקער יורש.
יידן גלויביקע - איינגעשפארט,
מיר מוזן אויפהאלטן און היטן
די יידישע אייגנארט.

איבגאנצן אנדערע פראבלעמען שטייען דא פאר יידישע משפחות. ווען דער

ייִנגסטער זון פאַרליבט זיך אין אַ נישט־ייִדישער טאָכטער און ער פרעגט דעם טאַטן: האָסטו מורא, אַז מיט מײַן ליבע דעם שטאַם איך צעברעך? (וואָס איז, אגב, נישט פון די געוויינלעכע זאַכן, ווייל מיר ווייסן עס ווויל, אַז זיי פרעגן נישט מער ביים טאַטן קיין עצות, ווען זיי באַשליסן חתונה צו האָבן מיט אַ שיקסע). ענטפערט אים דער טאַטע:

ווען אייערע קינדער נישט זיין קיין אראפגעריסענע בלעטער פון
ייִדישן בוים?

וועסטו אויף זיך אליין ברענגען פיין,
אויב אין האַרץ פון דיינע קינדער וועט נישט לויכטן
פון ייִדישע דורות דער שיין.

אויף דעם ענטפערט אים דער זון בנימין:

איך וועגן דעם טוען מיר זיך פאַרשטיין,
אונדזערע קינדער וועלן פון ייִדישן פאַלק קיינמאָל נישט אוועקגיין.

אויסהערנדיק אזא צוזאַג ענטפערט אים שוין דער טאַטע:

ווילסטו דווקא וויסן און הערן:
איך און די מאַמע האָבן טעלמאַן זער גערן.

ווי איר זעט האָבן מיר אַ ריכטיקן שפיגל וועגן דעם קליינעם ווידער־שטאַנד וואָס עס שטעלן היינט עלטערן, ווען זייערע קינדער לאָזן זיי וויסן, אַז זיי גייען חתונה האָבן מיט אַ נישט־ייִד...

איצט לאָמיר זען וואָס זאָגט דער אַנדערער צד, די עלטערן פון נישט־ייִד?

איידער איך נעם ציטירן די ווערטער, ווי זיי זיינען געדרוקט אין פריינד שטערנס בוך "די משפחה", די ווערטער וואָס דער שיקסעס טאַטע זאָגט די ייִדישע מחותנים, וואָלט איך פריער געוואָלט וויסן, צי זיינען זיי געשריבן בלויז צוליב שיינקייט, מליצה, אָדער עס זיינען טאַקע ווערטער וואָס טערן האָט דייטלעך און פינקטלעך געהערט, ווייל עס איז שווער צו גלויבן, אַז, לאָמיר זאָגן, פאַר די לעצטע דריי יאָר וואָס ער האָט געגרייט דאָס בוך צום אַרויס־געבן האָט עס געקאָנט מעגלעך זיין, אַז אַן אַנשטענדיקער קריסט זאָל אַרויס־

קומען מיט אזעלכע פארשימלטע באשולדיקונגען קעגן יידן?! און אט זיינען די ווערטער:

יידן זיינען מיר פרעמד און ווייט,
זיי זיינען פארביסן און פארשייט,
נאך אזוי פיל יארן פון פיין
הערן יידן זיך אלץ נישט איין
צו דער בשורה פון נייעם טעסטאמענט.
אין דער ביבל שטייט דאך געשריבן, ירושלים וועט ווערן פארברענט
און ישראל פאר זיינע זינד וועט פון הייליקן לאנד ווערן פארטריבן.
יעס,אונדז קריסטן טוט פארדריסן וואס
די יידישע יוגנט,ווי א מוטנער שטראם,
וועט אין ריינעם קריסטלעכן טייך זיך ארייננגיסן;
איך האלט נישט אז דער שידוך קאן געראטן,
דער וועג איז פארצוימט מיט שטעכיקע דראטן.
איך וועל מיין טאכטער אויף א ווייטע רייזע שיקן,
וועט זי אפשר די ליבע צום יידישן בחור
פון הארצן ארויספליקן.

בנימינס טאטע,דוד, מוז זיך גאר ביי אים בעטן:

אין אייער ליכטיקן געדאנק
מעקט פון די שנאה די שרעק
און פארשעמט נישט מער פון ליבע
דאס הייליקע געשאנק.

די מויד איז אבער אן עקשן.דער טאטע שיקט איר ארום איבער לענדער און זי באגייסטערט זיך גאר מער און מער מיט יידישקייט.זי שטייט פול מיט באוווונדערונג פאר דער נוהל מערבי,און קומט צוריק אהיים מיט א הארץ פול מיט ליבע צו איר יידישן געליבטן,בנימין,און זיי האבן נאקע חתונה אין א יידישן רעפארם טעמפל.

היינט ווען דער שלום ביה ביי יונגע יידישע פאר־פעלקער איז אזוי

שלעכט,אפשר לעבן גאר די געמיטטע פארלעך בעסער? כ'וואלט,פארשטייט זיך,
געוואלט וויסן,אויב די ליבע צווישן סעלמאן און בנימינען איז נאך אלץ
אזוי גוט.כ'בין אויך נייגעריק צו וויסן אויב די מהותנים טרעפן זיך
אמאל? אפשר האט מר. קינג געביטן זיין מיינונג וועגן יידן און מיר וועלן
אים קאנען שיקן ווי א גוד-וויל אמבאסאדאר אין יענעם בלעזערנעם בנין
מיט וועלכן איך האב אנגעהויבן מיין היינטיקע עסיי?!

עס איז בין גאר אינטערעסאנט און זייער טיף עמאציאנעל בעשריבן די
לעצטע זייטן פון "די משפחה",אז כאטש מר. קינג,דער טאטעס כלה,בעט זיך
איבער אין דער רעפארם שול,אויף דער החונה פון זיין טאכטער מיט בנימינען
דעם ייד... און גלייך דערנאך: /אין א הארבסטיקן פרייטיק-צו-נאכטס/זאגט
סעלמא אז/זי טראגט שוין דאס גליק פון דער ליבע אין איר לייב/ פילט
דערנאך דער יידישער דיכטער,דוד,אז:

לײדיק איז דאס הויז,
וויל ער דערפאר אין חלום פון זיינע יארן
געפינען די שפורן צום געגארטן מארגן דעם קלארן.

און דא קומט א קאפיטל,וואס הייסט "ווען",ווו דער דיכטער זאגט,
צווישן אנדערן,אזעלכע הארציק יידישע ווערטער:

אין אייער און אין הויז פון אייערע קינדער
איז נישט דא מער קיין זכר
פון דער היימישקייט פון א יידישן ספר.
א ברידער,ביי אלע טייבער שרייט מען שוין ווידער:
יעדער ייד - א העגדלער אררייכער,
ייד,ביסט א פרעמדער!
און פון אלע דיינע געבוירן לענדער גיי ארויס!

אבער שטערן דער פאעט איז נישט אנגווישט אין מענטש.ער זאגט דארט:

דערעריבער,א מענטש,זינג איך
צו דיר מיינע לידער,
שיין ביסטו מיט אלע דיינע גלידער,

שענער פון שענסטן זעמעל
איז א פרוי מיט איר קינד,
און נט ציים אויף דער שטילער היימישער שוועל.

און אויף דער סאמע לעצטער זייט, קענטיק נאכן זוכן אנצושלאגן א פריי-
לעכן טאן, שרייבט ער באגייסטערט וועגן יידיש:
שווארצזעער הערט אויף
באוויינען פון יידיש דעם בראך,
יידיש וועט נאך האבן
זיין הייליקן שבת און זיין ליכטיקע וואך.

כאטש, ווי געזאגט, "די משפחה" פארענדיקט זיך אין אן אפטימיסטישן טאן,
דוכט זיך מיר עפעס ווי איך וואלט געהערט א קרעכץ, וואס רייסט זיך ארויס
פון דיכטערס הארץ נאכן פארענדיקן די פאעמע - - - - - - - - - - - - - - - - - -

אינעם זעלבן בוך ווו "די משפחה" איז אויך דא די נאוועלע, ווי שטערן
רופט עס, "דאס הויזגעזינד פון פראפעסאר סידני גאלדסטין", ווו עס חזרט
זיך איבער די זעלבע דראמע, אדער בעסער געזאגט, די טראגעדיע פון געמישטע
חתונות. מיר דוכט, אז דא קומט צום אויסדרוק דאס טיפע יידישע געפיל פונעם
דיכטער, וואס האט אים אין אונטערבאוווסטזיין אונטערגעזאגט, אז ער זאל דעם
פראפעסאר גאלדסטין, וואס האט פאר דער חתונה נישט געהאט קיין שום יידישקייט
אספיראציעס, איז דער אייגענער פראפעסאר פארלאנגט פון זיין גויש ווייבל
זי זאל לאזן מל זיין זייער ערשטן געבוירענעם יינגל. זי דערלויבט אים,
אבער זי, וואס איז א טאכטער פון א ליבעראלן אדוואקאט ווערט אזוי בייז
אויף אים און דערקלערט:
איך בו דיר נישט דערווידערן,
נאר אין יידישן געטא טאל איך וועל מיט דיר נישט נידערן.

די לאגע אין הויז פון געמישטן פארפאלק אנטוויקלט זיך נאר שלעכט;
נישט נאר הויבט זי אן צו גיין אין קירכע, נאר די גאנצע אטמאספער אין
הויז ווערט ביטער און אומעטיק. פאר גרויס צער גייט סידני גאלדסטין אויס.

ווי איך האב געהערט איז די גאלדסטין טראגעדיע א מעשה שהיה, און אז

דער פראָפעסאָר איז באַזאָרגט זעלבסטמאָרד. אָבער די געשיכטע ענדיקט זיך נישט מיטן פראָפעסאָרס טויט. זייער טאָכטער, טאַמאַרע, האָט דווקא אויפגענומען דאָס יידישע געפיל פון טאַטן, ביז זי האָט זיך דערשלאָגן קיין ישראל און באַ- שריבן באַגייסטערטע בריוו צו דער מאַמע און אין איינעם אַזאַ בריוו שרייבט זי:

אין סעפּטעמבער וועל איך זיך
אין ירושלימער אוניווערזיטעט פאַרשרייבן,
דאָס מיינט: איך וועל שוין דאָ אויף שטענדיק פאַרבלייבן.

דער זון אָבער, וואָס רופט זיך דעניס סטאָון, וואַקלט זיך צווישן שנאה צו דער מוטער און זיין אומווילן צו ווערן באַליידיקט פון הונדערט פּראָצענ- טיקע גויים, צוליב זיין האַלבער יידישקייט - - -

ערשט ווען די מאַמע לויפט מיט איר קאַר אין אַ שטורעם און גאָס-רעגן צום פלאַץ, ווו זי האָט זיך געטראָפן מיט איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, קענטיק מיטן ווילן אויך צו באַגיין זעלבסטמאָרד, און זי בלייבט לעבן, קומט צו איר אין שפּיטאָל דער זון און דערציילט איר, אַז ער האָט געפונען דעם טאַטנס טאָג- בוך און ער זאָגט איר:

איך לייען די פאַרשריבענע בלעטער
און צו יעדן פון אונדז דער גלי פון ליבשאַפט
לויכט אין זיינע ווערטער.
אַ ליד וואָס די בענקשאַפט און אומעט האָט געשפּונען,
איך האָב אין טאַטנס טאָגבוך געפונען.

ערשט אין שפּיטאָל בעט זיך דער זון איבער מיט דער מאַמען.

טאָ זאָלן מיר דאָ נישט ברענגען קיין מוסטערן פון אידעאַלע געמישטע חתו- נות, מיט אָדער אָן קינדער. איך פיל, אַז מיר ווערן נישט אויס ליבעראַל, אָדער, חלילה, אַלטמאָדיש ווען מיר גיבן אַ קרעכץ בעת מיר הערן וואָס עס טוט זיך ביי אונדז אַרום די געמישטע פאָר-פעלקער און איך מיין, אַז שלום שטערן האָט דעם עבין זייער טיף און זייער קינסטלעריש אַרויסגעבראַכט.

צווישן דניעסטער און פרוט

איידער איך נעם זיך דא ברענגען א גרוס פון אונדזערע ברידער און שוועס-טער אין רוסלאנד וועל איך צוערשט ציטירן א טייל פון א פאעמע "דאס גאלדענע פינגערל" געשריבן פון רעדאקטאר פון יידיש-רוסישן זשורנאל "סא-וועטיש היימלאנד", ארן ווערגעליס, און פארעפנטלעכט אין נומער 9 פון 1975.דער טייל,וואס איך ציטיר דא הייסט "המשך", א ווארט וואס האלט אונדז געשפאנט אזוי פיל יארן,ווייל ווי האט אמאל געזאגט ווינסטאן טשורטשיל: "איך בין נישט געווארן פרעמיער מיניסטער פון ענגלאנד כדי צו פירן די עמפייער". אזוי ענלעך האט,דוכט זיך צו זיך אליין געזאגט יעדער ייד, פרומער אדער ניט.אזויפיל דורות פאר מיר האבן זיי געבלוטיקט,אויף עקדהס געגאנגען און זיינען געבליבן יידן,וועל איך מיט טיפסטע חנטה באר הערבן פארניכטן וואס אזוי פיל דורות האבן געבויט? טא לאמיר צוערשט איבערלייענען וואס זאגט ווערגעליס וועגן המשך:

מיין שכן זאגט – דאס לעבן האט אפגעטאן א קונץ,

אונדז אלע רעכט געגעבן,

געמאכט אויס פאלק פון אונדז:די צייט זי איז א גנבל,

וואס גנבענען פארשפארט.ניטא קיין אפן באניקל.

מען נוצט הייגט ניט דאס ווארט.

עס ברענט ניט אפן פריפעטשיק,

ווען ס'ברענט אין גאס דער פראסט

דאס ארט שוין יארן היפשע,

פארוואקסן איז מיט גראז.

דאס שטעטעלע – דאס קורעלעבל

ניטא. – – – ווו נעמט מען איצט ?

די גאנעקלעך אף וועלכע משפחהסווייז מען זיצט...

נון,יא עס פעלט נאך עמעצן דאס שטעטעלע מיטן תחום,

זאל זיין ס'איז הוילע אמתן דער פשט איז אבער קרום ?

מיט בענקשאפטן באשטעטיקטע ד ך פירן זיי אין קלעם.

(אויך מיר איך ליב דאס שטעטעלע

בעוועגן א טאלק אין דעם).

עס טרעפט אז אף א נאווינע א מענטש מיידט
אויס דעם כלל, נאר פעלקער למד וואוויקעס
ניטא שוין איבעראל.
מיין שכן! ס'לעבן אפשר באווייזט אן אנדער קונץ:
פון אונדזער פאלק דער המשך - געוועדט ער איז אין אונדז.

- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -

נון, אפשר איז ווערגעליס א גרויסער קינסטלער, א גרויסער פאעט, איך אבער קאן נישט פארטראגן קיין פאלשע טענער אין די גרעסטע קאמפאזיציעס. גלייך די ערשטע שורה, אז דאס לעבן האט אונדז אפגעטאן א קונץ, ווען זיי האבן אונדז אלע רעכט בעגעבן, האבן זיי געמאכט אויס פאלק פון אונדז. גלייך די ערשטע שורה איז א גרויסער ליגן.: אין רוסלאנד האבן זיי אונדז נישט בעגעבן די מינימאלסטע רעכט פון יעדן מענטש, דאס רעכט צו נוצן די אייגענע שפראך! נישטא ביז היינט קיין איין יידישע שול אויף יידיש, כאטש עס זיינען דא אין רוסלאנד דריי מיליאן יידן. עס זיינען אבער יא דא שולן פאר אלע אנדערע פעלקער דארט, אייגעשלאסן דייטשן און ציגיינער. עס איז אויך נישטא קיין איין יידישע צייטונג אין גאנץ רוסלאנד, קיין איינציק יידיש טעאטער מיט א שטענדיקן זיץ-ארט אין קיינע פון די גרעסטע שטעט אין רוסלאנד. און דער זאג, אז דערפאר האט מען געמאכט אויס פאלק פון אונדז, ווייל מען האט אונדז בעגעבן גלייכע רעכט, ווי לעכערלעך איז דאס! פונקט פארקערט, ווען מען גיט א פאלק זיין גלייכע רעכט ערשט דעמלט גיט מען דאך די מעגלעכקייט צו בלייבן געטריי צום אייגענעם פאלק און נישט ווי היינט ווען יעדער ייד אין רוסלאנד, אפילו ווען ער פארנעמט די העכסטע שטעלע, מוז ער פילן ווי א צווייט ראנגיקער בירגער. קאנט איר זיך פארשטעלן מען זאל מאכן א ייד פאר אויסערן מיניסטער אין רוסלאנד אזוי ווי קיסינדזשער אין אמעריקע?

ווייטער דרייט ווערגעליס מיטן צונג דועבן אמאליקן שטעטל, אז עס ברענט נישט מער אויפן פריפעטשיק, דאס ארט איז שוין יארן היפשע פ:רוואקסן מיט גראז, און ער שרייט אויס: אויך מיר איז ליב דאס שטעטעלע, געווען א טאלק אין דעם... און באלד דערנאך זאגט ער, אז אפשר איינציקע מענטשן

זייבען נאך אלץ למד וואורוניקעס,אבער פעלקער ניטא שוין,איבעראל דאס לעבן באווייזט אן אנדער קונץ.

- פון אונדזער פאלק דער המשך געווענדט ער איז אין אונדז - זאגט
ווערגעליס,נון,איז עס פאר אונדז איצט מער קלאר געווארן וואס און ווי אזוי? אין 1940-45,ווען רוסלאנד איז אפגעגאנגען אין בלוט,האבן יידישע דיכטער ווי איציק פעפער,פאר דער וועלט פראקלאמירט - איך בין א ייד - דרייסיק יאר שפעטער ציטערט די הויט פון א יידישן רעדאקטאר אין מאסקווע ער זאל נישט טיילן דעם ביטערן גורל פון די גרעסטע יידישע שרייבער,אר-טיסטן און אנדערע קינסטלער,וואס זיינען אזוי מערדערלעך אומגעקומען דורך רעגירונגס אגענטן,און ער זשאנגלירט ווי א טענצער אויף א שטריק זיינע גוישע בעל-הבתים צופרידן צושטעלן,און גוער ווייסט,אפשר אויך אונדז עפעס זאגן.דערפאר דאס שטאמלעניש.

ווערגעליס האט אוודאי פארזען,אז מיט דריי חדשים פריער האט חיים מלמד אינעם זעלבן "סאוועטיש היימלאנד" דווקא באשריבן דאס יידישע געסל אויף גאנצע פערצן זייטלעך,געשריבן אזוי שיין און אינטערעסאנט,טאקע ווי אן אמתער קינסטלער.אבי מיר האבן געמיינט אז אלע יידן וווינען אין די ביי-אויפגעבויטע הימל-קראצערס,אז פון יידישן שטעטעלע און געסעלע איז נאר געבליבן "בענקשאפטן באשנעטיקטע וואס פירן גאר אין קלעס"...

אבער נישט צוליב דעם האב איך דא דערמאנט חיים מלמד כדי דערמאנען אז עס איז נאך דא א יידיש געסל ערגעץ ווו אין רוסלאנד.עס איז זייער אן ערנסטער ענין די מעשה פון אונדזערע רוסישע ברידער און איך פארגעס זיי נישט... כאטש מיין פריינד,אט דער וואס האפט נאך אלץ פאר דער אלוועלט-לעכער רעוואלוציע,האט גאר לעצטנס ביי מיר אין הויז געקלאפט טרעוואגע, אז די וועלט איז אין גרויס געפאר,די פאשיסטן גרייטן זיך צו פארנאפן די גאנצע וועלט... -מיין פריינד - שריי איך צו אים - וואס הערט זיך עפעס מיט יידן אויף דער וועלט? אבער ער הערט נישט: - יידן,יידן - זאגט ער - די וועלט איז דאך אין געפאר!

איר הערט דיבורים!

קאן איך נישט געפינען קיין גענויע ידיעות פון דירעקטע קוואלן,מוז איך אנקומען צום לייענען צווישן די שורות.. און אט! הייב מלמדס דערציילונג לאזט אונדז טאקע אריינקוקן א ביסל טיפער אינעם לעבן פון יידן אין רוס-לאנד.און כאטש דער נאמען פון דער דערציילונג וואס ער רופט "ראמאן" און הייסט "צווישן דניעסטער און פרוט" איז אזוי אומשולדיק,אז אלץ האט מען ארנטער אזא נאמען בעקאנט אריינשרייבן,מוז מען דא פון פארויס ווארענען,אז אלע רייד און אלע אויפפירונגען פון יידן,וואס מיר באגעגענען אין דער דער-ציילונג זיינען אונטערן חשד פון מענטשן וואס זיצן אויף א פעסל דינאמיט. אין דעם הינזיכט מיין איך אויך די שרייבער,וואס זיינען אפשר נישט זיכער אויב זייער אייגענער רעדאקטאר וועט נישט אין א מיבוט פון געפאר מסרן אויף זיינע אייגענע חברים,כדי זיך אליין ראטעווען; יא, אזוי ווייט האלט עס שוין!

די דערציילונג הייבט זיך אן ווי אזוי מיכאיל דאווידאוויטש,דער הויפט אינזשיניער פון א העמטשקע זאוואד,גייט אהיים פון דער ארבעט.אין דרויסן איז הייס,און כאטש עס איז ערשט סוף אפריל,איז אבער אן אומדערווארטע היץ.ער פילט נישט גוט,ווייל געוויינלעך ווארט אויף אים אין דרויסן אן אויטא,וואס פירט אים אפ אהיים.טיילמאל פארט ער צוזאמען מיטן דירעקטאר פון פאבריק,טיילמאל אליין.היינט אבער,אזוי ווי ער האט געהאט אן איבער-רייד מיטן דירעקטאר,וועט ער שוין מיטן אויטא אהיים נישט פארן,באשטימט ער צו גיין צופוס.אין דער היים דערווארט אים א נייער סירפריז: ווען ער פרעגט זיין ווייב,שיינדל,וווּ איז די טאכטער,ציפעלע,זאגט אים די ווייב מיט געוויין: כ'האב מורא,מיר פארלירן אונדזער ציפעלען.

ציפעלע קומט איין דעם אריין אין שטוב און זי דערקלערט,אז זי וועט נישט מער שטודירן,זי וועט ווערן א מאניקורשע,זיי פארדינען מער ווי אינזשיניערן און סיידוי - זאגט זי - וועלן מיר דאך אלע ארויספארן... אלע הלייבן זיצן דערשטוינט: וווהין פארן? - קיין ישראל - זאגט ציפעלע,און קוקט פריי אלע-מען אין די אויגן.

אויפן צווייטן טאג איז געשען א מאדנע זאך אין פאבריק: דער דירעקטאר

איז געווארן קראנק נאכן געכטיקן איבערדרייד און מיכאיל האט געמוזט מאכן אן אינספעקציע איבער אלע אפטיילונגען.אין דער דריטער אפטיילונג האט מען זיך געקלאגט,אז פון דער צווייטער אפטיילונג קומען אן א סך בראקירטע טיילן,וואס מען קאן נישט נוצן.ווען ער גייט צוריק צום אויפזעער פון דער צווייטער אפטיילונג און פרעגט אים,פארוואס ער שיקט אזעלכע טיילן, קומט דער דאזיקער ענטפער: - האסט זיך ארויפגעכאפט אויפן דירעקטארישן בענקל און קאמאנדעווענט! אלע זענט איר אזעלכע,פאר אהין,ווערסטו דארטן קאנען קאמאנדעווען!!!

דער הויפט אינזשעניער פילט זיך זייער שלעכט פון דער דאזיקער געשיכטע. ער באמערקט דעם עלטערן מייסטער ארטעם ניקאלאיעוויטש,ווען ער נעמט איבער-נעמען די ארבעט פארן טאג,ווייל דער אויפזעער פון דער צווייטער אפטיילונג איז א ביסל שיכור,שיקט ער אים אהיים פארן טאג און ער טראכט דערביי: וואס ביי א ניכטערן אויפן לונג איז ביי א שיכור אויפן צונג.גלייך טראכט ער, ווי אזוי ער וועט עס דערציילן אין דער היים,אפשר וועט ער עס קאנען דער-ציילן ווען ציפעלע וועט נישט זיין,ווייל דער ענין איז דאך אזוי נאענט צו יענעם,כאטש נון אן אנדער מין,אבער דאך זיינען זיי ווי שוועבעלעך אין א פעקעלע,ווען זיי ליגן רואיק איז גארנישט,אבער פרווט נאר א רייב טאן - - - - - - - - -

ווייטער איז דא א בילד,ווי דוד,דער אלטער זיידע,וויל איבערצייגן צי-פעלען,אז דאס וואס אנדערע טרייען איצט אפט - הייליקע ערד - די ערד פון די אבות - איז פאר מיר איז די סאמע הייליקסטע ערד - די ערד פון אונדזער געסל,אט יענע קעלער שטיבל,דאס בריקל,דאס מינען פעלד פון וואנען מיר האבן זיך קוים ארויסגעדראפעט;די ערד אויף וועלכער מיר האבן געקעמפט און ליב געהאט,געווייטאקט און געליטן; די ערד,וואס איז באגאכן מיט אונדזער בלוט און אויף וועלכער מיר האבן די סאמע נאענטסטע,סאמע הייליקסטע קברים.

ציפעלעס באקאנטער יינגל,טאליק,ווערט נישט מיטגעריסן ווען אלע אין קלאס לויבן ציפעלעס קאמפאזיציע וועגן די העלדנטאטן פון איר זיידן.

- צו וואס האט עס דיר געטויגט - פרעגט ער איר - האסט זיך געוואלט

א באריש טאן מיט דיין זיידן?

- דאס איז א נארישע פראגע - ענטפערט ציפעלע - זיי האבן דאך בעקעמפט! דערפאר איז מיר טייער יעדעס שטיינדעלע פון אונדזער בעסל,אפילו הייליק, קאנסטו עס נישט פארשטיין?

- ניין! - איז זיין ענטפער - מיר דארפן האבן אין זינען אונדזערע איי-גענע הייליקייטן,פון אונדזער אייגן לאנד - ישראל.

- אפנים - זאגט זי - אז ביי אונדז זיינען פארשיידענע הייליקייטן. זיי ווערן ברוגז צווישן זיך,וואס האלט אן דריי טעג.

דערווייל זאגט איר דער זיידע,אז ישראל איז א לאנד ווי אלע לענדער. פאר די ישראלים איז דאס זייער היימט,צום באדויערן,זייער ביטערער היימט, ווו אויף א קליין שטיקעלע לאנד זיינען קאנצענטרירט אלע קאנטראסטן פון דער קאפיטאליסטישער וועלט און אלע ווילדקייטן פון קלעריקאלן פאנאטיזם, און זיי שטייט פאר - אוי! וואס זיי שטייט פאר! פאר אונדז,פאר די סאוועטישע יידן איז דאס דער נעכטיקער טאג.מיר האלטן שוין א סך ווייטער.

דער קלימאקס קומט ביים סוף פון דער דערציילונג.דער יונגער טאליק, וואס איז דורכאויס א פאטריאט פון ישראל און קלערט טאג און נאכט וועגן אן אייגן לאנד,קריגט פלוצלונג א פאטש פון זיין טאטן,שמחה גוראלניק,ווען ער ענטפערט נישט שנעל גענוג,צי ער איז מסכים צו פארן קיין ישראל.און נאך איידער ער באווייזט אויסצושרייען "טאטע",האקט אים דער טאטע מיט די פויס-טן ביז בלוט רינט פון אים.ער בלייבט אין הויז דריי טעג.ווען ער שיקט ציפעלען בסוד א בריוועלע זיי זאלן זיך טרעפן,בלייבט זי דערשטוינט.ווי שרעקלעך ער זעט אויס און וואס ער זאגט איז אזוי אנדערש פון דעם וואס ער האט געטראכט פריער.קענטיק אז זיין טאטע האט ארויסגעהאקט ביי אים די ליבע צו ישראל.ער זאגט-צו ציפעלען צו קומען זיך באהאלטן צוויי שעה פארן אפ-פארן פון דער באן מיט זיין גאנצער משפחה קיין ישראל.אבער אין דער באשטימ-טער צייט באווייזט ער זיך נישט.ציפעלע לויפט צום באן און דערזעט אים אין וואגאן ארויספארן ...

פון צווישן די שורות לייען איך ארויס,אז עס רוישט און קאכט זיך אין רוסלאנד ביי אונדזערע ברידער.די רעגירונג דערמוטיקט בפירוש דעם יידן האס.דער רעזולטאט איז אזוי אנגעשריבן,אז יידן וואגן נישט אנטרינען אדער אוועקצופארן.די וועלט איז נישט אין געפאר פון פאשיזם,דאקעגן זיינען די יידן אין גרויס געפאר אין די נעגל פון די פאלשע פעלקער באפרייער.

# מ ר ג ל י ם

דאנערשטיק דעם 12טן פעברואר, 1976

עס איז ביינטיק ארויסגעשטעלט די דאטע,ווייל ביז היינט איז עס נאך קיינמאל נישט געשען,אז א פרעמד פאלק זאל שיקן יידישע מ ר ג ל י ם קיין ישראל,און באטש עס זיינען שוין אוועק אזוי פיל יארן זייט איך האב דאס ערשטע מאל געהערט די טראגישע געשיכטע ווי אזוי עס האט זיך פון באטס מויל אליין געהערט דער פוין אובן־אויף גאנץ אומשולדיקן פארשלאג צו משהן ער זאל שיקן מענטשן זיי זאלן אויסקוקן דאס לאנד כנען.ווען די מענטשן האבן זיך אומגעקערט נאך פערציק טעג האבן זיי דערציילט,אז דאס לאנד פליסט מיט מילך און האניק און האבן געוויזן אלעמען א הענגל מיט וויינטרויבן וואס איז געווען אזוי שווער,אז צוויי מענטשן האבן עס געמוזט טראגן.אבער זיי האבן אויך ארויסגעלאזט א שלעכטן קלאנג אויף דעם לאנד. דאס איז א לאנד – האבן זיי געזאגט – וואס עסט אויף אירע איינוווינער,און אלע דאר־טיקע מענטשן זיינען אזעלכע ריזן,אז מיר זיינען געווען ווי היישעריקן אין פארגלייך מיט זיי.

– מיר וועלן זיי נישט באזיגן! – האבן זיי געשריגן,און דאס פאלק מיט זיי האט געוויינט א גאנצע נאכט.דערפאר דערציילט אונדז דער אלטער חומש אין דער סדרה,שלח לך,האבן אלע פון יענעם דור געמוזט בלייבן פער־ציק יאר אין מדבר,א יאר פאר יעדן טאג,וואס זיי האבן פארברענגט אין שפעטערדיקן ארץ ישראל,ביז אלע זיינען פון יענעם דור אויסגעשטארבן און זייערע פגרים זיינען פארלענדעט געווארן אין מדבר.די גאנצע דעלעגאציע פון מרגלים,חוץ די צוויי וואס האבן גלייך אויפן ארט געזאגט אז יידן זאלן זיך נישט שרעקן איבער באטס ווילן איז אז יידן זאלן ארייך קיין כנען וועט קיין כוח נישט זיין שטארק גענוג זיי אייננצוהאלטן,זיינען אלע אומגעקומען באלד פון א מגפה.

די גאנצע מערקווירדיקע געשיכטע,ווי אזוי באט אליין האט דערפירט צו אזא קאטאסטראפע,איז געווען פאר מיר א רעטעניש אלע מיינע יארן... סיידן מען זאל זיך אראפנעמען א מוסר השכל,אז וואס פאר א געפארן מען זאל נישט זען אין אייגענעם לאנד,טאר מען נישט שפרייטן קיין פאניק,וואס קאן שלעכט

ווירקן אויפן געמיט צושטאנד פון פאלק,און די שטראף פאר אזא זינד וועלן מוזן טראגן קינדער און קינדס קינדער...

אבער אפטאן אזא שמד-שטיק מצד א פרעמד פאלק ווי א מיטל אפצוטויטן די בענקשאפט און פראקטישע שטרעבונג פון יידן פון אומעטום און פון איי-גענעם לאנד בפרט - ווי שיקן מרגלים קיין ישראל ספעציעל כדי קאנען אר-גאניזירן פרעסע אינטערוויוס אויף וועלכע די מרגלים דערציילן אלערליי ליגנס און זיי ווארטן נישט מען זאל זיי קאנען שטעלן געהעריקע פראגן,נאר זיי אנטלויפן גלייך צו זייערע ,מסתם,גוט באצאלטע באהעלטענישן.אזא זאך געשעט,דוכט זיך,דאס ערשטע מאל אין דער יידישער געשיכטע.

איך לייען די ווערטער וואס די מכלומרשטע יידן האבן געזאגט אין בריסעל עטלעכע טעג איידער עס הייבט זיך אן די פיר טאגיקע קאנפערענץ לטובת די סאוועטישע יידן און איך טראכט: אויב פאר יענע ווערטער פון חומש וואס די מרגלים האבן געזאגט האבן יידן געמוזט זיין פערציק יאר אין מדבר ביז יענער דור איז אינגאנצן אויסגעשטארבן, וויפל יארן וועלן יידן נאך מוזן זיין אין דער וועלטס מדבריות ביז די זינד פון די נייע מלשינים וועט פארגעבן ווערן? און ווי גרויס איז די זינד פון די וואס צווינגען אדער דערפירן אונדזערע יידן - רחמנים בני רחמנים - צו שפילן אזעלכע מיאוסע, אומפארגעבלעכע ראלן? צי פארשטייט עס די ארומיקע וועלט וויפל ענערגיע, וויפל אנשטרענגונג זיי דארפן צו איינשטעלן אזעלכע פורים שפילן?

געווען אמאל א צייט,אין דער לאנגער און ביטערער גלות-געשיכטע פון די יידן,ווען מען האט יידן געצוואונגען צו קומען אין קלויסטער הערן שטראף-רייד,פארוואס זיי באקערן זיך נישט צום "אמתן" קריסטלעכן גלויבן? האבן יידן דעמלט זיך אן עצה געגעבן און פארשטאפט די אויערן מיט וואטע, כדי נישט צו הערן זייערע דרשות...

ערשט לעצטנס האט אונדז לייב ראכמאן דערציילט,אין נאמען פון פארשטאר-בענעם פרעזידענט שזר,אז עס איז געווען א צייט ווען צווישן אלע פאר-שטייער פון באזינגטע פעלקער,וואס האבן געמוזט קומען פון צייט צו צייט

באגריסן דעם פויפסט אין רוים וואס האט אין יענער צייט בעהאט די באנצע וועלטלעכע מאכט,האבן זיך אויך געמוזט באווייזן יידישע פארשטייער, וואס האבן פון פאריס געוווסט מיט וואס זייער ווידיט וועט זיך ענדיקן. האבן זיי אונטער זייערע אויבער-מאנטלען אנגעטאן תכריכים,באהאלטן אין זייערע האר אויפן קאפ האבן זיי געטראגן ספעציעל געמאכטע פאר דעם צוועק קליינע תפילין,וועלכע זיי האבן גערופן קידוש-השם-תפילין,ווייל נאך דעם ווי זיי האבן באגריסט דעם פויפסט און געווונטשן אים אלדאס גוטס, האט ער געווייזנלעך,אחוץ אין זעלטענע אויסנאמען,בעהייסן מען זאל זיי צונעמען און גלייך אויפן הויף דערהרגענען...

אין שפעטערדיקע צייטן,ווען די פויפסטן זיינען געווארן ליבעראלער, זיינען זיי נאך אלץ באשטאנען אויף דעם מנהג צו זען די יידישע פארשטייער, וועלכע האבן געמוזט קניענדיק צוקומען צום פויפסט און ווי אן ענטפער האבן די פויפסטן מיט די שפיצן פון זייערע שיך דערלאנגט מיטן גאנצן כוח אינעם הינטער-חלק פון באפריסער און געשריגן ער זאל זיך וואס שנעלער אפטראגן פון אים,אויב ער וויל לעבן,ווייל ער וויל אויף אים נישט קוקן...

און איצט נאך א קאפיטל פון דער לאנגער יידישער געשיכטע,א קאפיטל וואס איז אט ערשט געשען,כמעט פאר אונדזערע אויגן,ווי עס דערציילט אונדז דער אייגענער לייב ראכמאן אין זיין בוך "איך דיין בלוט זאלסט דו לעבן",ווי אזוי ער,זיין פרוי און קינד און צוויי קרובים זיינען צוזאמען מיט עטלעכע הונדערט יידן - מענער,פרויען און קינדער - געפירט געווארן,בעסער געזאגט,געטריבן געווארן פון "קאפערניק" לאגער,וואס איז געווען אין אדער ארום מינסק מאזאוויעצק,אין חודש אויגוסט 1942,געטריבן, געיאגט געווארן אזוי שנעל האט מען געמוזט לויפן,אז אייגער איז ארויף אויפן צווייטנס פיס.עס איז געווען 8 אזייגער ביינאכט,שטארק פינצטער, פון הימל האט שטורעמדיק גערעגנט,עס האט געגאסן ווי מיט צעבערס.איבער די קעפ פון דער לויפנדיקער מחנה האט כסדר געקראכט.זיי האבן נישט געוווסט,צי זיינען עס געווען דונערן אדער שיסערייען,אפשר ביידע

צוזאמען? ביי די זייטן זיינען געלאפן דייטשן מיט געשרייען,געוואלדן.
זיי זיינען אויך געפארן אויף מאטאציקלען און אויטאמאבילן.שטיקער
פייער האבן זי געריסן פון די זייטן און איבער אונדזערע קעפ.

וואוהין מען יאגט "זיי" האט קיינער געוווסט נישט געוווסט.עס זיינען געווען
קלאנגען אז מען טרייבט זיי צום בית-עולם צום דערשיסן, אז דארט זיינען
שוין אויסגעגראבן גרויסע גריבער..פלוצלונג האט זיך דערהערט א געשריי:
זינגען!

האט זיך פון אלעמען מיט אמאל אנגעהויבן ארויסרייסן איין געזאנג,איין
טאן,וואס האט זיך שטורמיש געגומען הייבן צו די הימלען:

כל-עוד בלבב פנימה
נפש יהודי הומיה,....

אין דעם מאמענט האבן אלע דערפילט ווי א נייע נשמה וואלט אין זיי אריין -

עוד לא אבדה תקותנו
התקוה הנושנה:
לשוב לארץ אבותינו,
לעיר בה דוד חנה.

דאס איז נישט קיין לעגענדע.אזוי איז עס געשען מיט די יידן פון לאגער
"קאפערניק" אויפן וועג צום בית עולם אין יענער שרעקלעכער נאכט.ווי ריכטיק
עס זאגט זיך אין יענעם קאפיטל תהלים: אין טאל פון טויט האט - די האפענונג
די אלטע - צוריק צו קומען צו דער ערד פון אונדזערע עלטערן געגליט אין
די הערצער פון די פארצווייפלטע,פון גאט און מענטש פארגעסענע יידן,פון
אלע קאנצענטראציע לאגערן,פון אלע יידן באהאלטענע אין גריבער,אין די
קאנאליזאציע רערן,פארמויערטע צווישן טאפלטע ווענט, אין הונגער און קעלט.
זיי זיינען געווען זיכער,אז אויב נאר זיי וועלן איבערלעבן,וועט די וועלט
מער קיינמאל נישט פארפאלגן,נישט שלעכטס טאן.

קומען איצט פירער פון דעם צווייי הונדערט מיליאניקן רוסלאנד און
מאכן פורים פארשטעלונגען.מען ברענגט פארקויפטע יידישע נשמות זיי זאלן,

ווי די אמאליקע מרגלים ארויסלאזן א שלעכטן קלאנג אויף דעם לאנד.זיי דערוואַרטן,אז די זיבן יידן פון מאסקווע,און די זיבן פון בריסעל,און מסתמא נאך זיבן,וואס זיי ברייטן זיך ברענגען קומענדיקע וואך קיין בריסעל,בראש מיט אהרן ווערגעליס,אז זיי וועלן עס זיין די קאנטער-אפענ-סיווע קעגן די  ט ו י ז נ ט  יידן און נישט-יידן,וואס קומען קיין בריסעל בעטן און פאדערן מענטשלעכע רעכט פאר יידן אין רוסלאנד.

דערוואַרטן דען די רוסישע פירער אז יידן וועלן נאך אזוי פיל יארן וואנדערן און האפן און ענדלעך זען דעם חלום פארווירקלעכט,ועלן זיי דאס אלץ אויפגעבן,ווייל אזוי באפעלן די הייַנטיקע מושלים פון רוסלאנד?!

בלבולים קעגן יידן זיינען קיין נייעס נישט,אבער שלעפן יידן פון איין לאנד אין א צווייטן,כדי דורך יידישע מיילער זאלן די מיאוסע שקרים בע-הערט ווערן.מיט אנדערע ווערטער הייסט דאך עס באנייען די מרגלים-טרא-געדיע אין יאר 1976.דאס האט נאר דער שטן אליין געקאנט אויסטראכטן!

א טרייסט ווארט וויל איך געפינען פאר מיר און אייך... ווער עס הערט זיך צו צום קלאפן פון יידישן צייט-זייגער ווייסט - אז פונקט ווי עס האט זיך נישט איינגעגעבן בלעמען צו שעלטן די יידן אויפן פארלאנג פון בלק,באטש ער האט אים צוגעזאגט צו באלוינען מיט גרויס כבוד און אלץ וואס ער וועט נאר זאגן וועט צו אים געטאן ווערן - אלץ נאך אין יענע אלטע צייטן פון די מדבר-וואנדערונגען - אנשטאט שעלטן האט נאר בלעם געמוזט אויסשרייען:

באט וועט פארצערן אלע פעלקער וואס זיינען זיינע פיינט און זייערע ביינער צעקנאקן! געבענטשט די וואס בענטשן דיך און פארשאלטן די וואס שעלטן דיך.

מאנטיק דעם 19טן אפריל וועט ווערן דריי און דרייסיק יאר ווי עס זיינען אויפגעשטאנען די אויסגעפייניקטע יידן פון ווארשעווער געטא און האבן באוויזן העלדישקייט און קוראזש,וואס האט דערשטוינט און האט ארויסגערופן באוואונדערונג פון דער וועלט.און אט דעם קומענדיקן זומער

וועלן מיר פייערן אכט און צוואנציק יאר זייט עס האט זיך צוריקגעקערט די פרייד אין אונדזערע הערצער מיט דער באנייטער ישראל!

– מיר האבן א לאנד! מיר האבן א לאנד! – האבן מיר זיך מיט שמחה געגריסט אײנער דעם אנדערן.

שרייבט אין זיין ערשט ארויסגעגעבענעם בוך דר. ישראל שטערן:

ישמעאל שווימט אין ימען קראפט,
דער "מערב" פוילט און זשליאקעט נאפט;
הייצט מיט ייד דעם מולך-פלאם,
כאכאטשעט פרעך דער רויטער כאם:
פארשעלט זיי די רשעים, שעלט
צום משפט שטעל רציחה-וועלט!

לאמיר זיך צוערשט באווארענען אז איך בין אויף דער עלטער נישט בע-ווארן קיין עקספערט אויף אלטע באלדענע און זילבערנע חפצים.איך האב אויך נישט געפונען קיין אוצר פון באהאלטענע מטבעות פון וועלכע איך קלייב זיך רייך צו ווערן און טאקע גלייך - ווי אין זיין צייט שלום עליכם - ברינגען א גרויסן יידישן פארלאג,וווּ איך וועל,אויך ווי אין זיין צייט שלום עליכם,אנהויבן צאלן צוויי הונדערט דאלאר פאר א גוטע פאעמע, ווי עס דערציילט עס אונדז אזוי שיין זיין טאכטער,אז עס זיינען געבאנגען קלאנגען אין די ליטעראַרישע קרייזן פון דער וועלט,אז עס האט זיך אפגעזוכט אין קיעוו א יידישער מיליאנער וואס צאלט גרויסע סומעס געלט פאר גוטע קינסטלערישע יידישע שאפונגען.דער פאקט איז טאקע געווען,אז שלום עליכם האט באצאלט פרצן פאר זיין באוווסטער פאעמע "מאניש" צוויי הונדערט רובל האנאראר,א זאך וואס האט קיינמאל פאר דעם און קיינמאל נאך דעם מער נישט געטראפן.ווי אלע ווייסן האלט עס היינט ביי דעם אז יעדער שרייבער אויף יידיש דארף היינט באר צוטראגן געלט פון דער קעשענע אבי געפינען בעלנים צו לייענען,אבער ווי זאגט זיך עס דארט טאקע ביי שלום עליכמען: נישט דאס בין איך אויסן - - - - -

די מעשה,וואס איך ביי דא דערציילן,האט זיך געטראפן מיט עטלעכע יאר צוריק ווען אין טאראנטא איז פלוצלונג געשטארבן דער מאן פון אונדזערער א קרובה.איר טאכטער האט אונדז געשריבן,שוין נאך די שבעה,אז ביידע טעכ-טער מוזן צוריקפארן צו זייערע אייגענע משפחות,די מאמע בלייבט אליין, איז אפשר קאנען מיר קומען פאר א וואך - צען טעג,עס וועט זיין א מצווה. מיר האבן געוווסט אז די קרובה אונדזערע איז א "גאסטיע פריאמנע" און וווינט אליין אין א גרויס אייגן הויז.אזוי ווי מיר האבן דא נישט קיין באזונדערע געשעפטן מער - שרייבן מיר גלייך ענטפער אז מיר קומען אין עטלעכע טעג ארום,און פארשטייט זיך בחום אבלים זיין,פארוואס נישט?

איידער איך ביי ווייטער וויל איך דא מאכן א געוויסע אבסערוואציע בנוגע דעם פארברענגען צוזאמען - וווינען צוזאמען - מענטשן פון פאר-שיידענער אינטעליגענץ,אינטערעסן,כאראקטער א.א.וו. איך האב אלע מאל

געמיינט אז מיט א גוטן ווילן קאן מען פארברענגען,ווויינען,לעבן מיט יעדן מענטשן.מען ראן,הייסט דאס,זיין אין איין הויז,אפילו אין איין שטוב,און אויב אייער מיט-מענטש,מיט וועמען דער גורל האט אייך צוזאמענ-געווארפן איז אן אנאלפאבעט,קאנט איר דאך אזויווי "מארטין אידען" מעסיק דערהויבן אים צו ביידנס צופרידנקייט.יענער וועט לסוף אפשאצן,אז ער האט עפעס געלערנט,און איר וועט האבן דאס גוטע געפיל,אז איר האט ארויסגעפירט א מענטשן פון זיין באגרענעצטן איך-ווינקל און איר האט ,עפעס אזוי ווי שפילעוודיק,בעעפנט פאר א מענטשן נייע האריזאנטן...

ערשט די לעצטע צען יאר האב איך זיך געכומען טרעפן מיט מאדנע טיפן, עפעס אזעלכע,וואס מיינער אן אייניקל פון אכטן יאר רופט פראסט פשוט א י ד י א ט ן. און געדענקט ער רעדט דאס וועגן מיידלעך און בחורים פון זיין עלטער,וואס ער קאן נישט דולדן,אפילו ווען די מיידלעך זיינען שיין ווי וועגוס און רייך ווי קורח;און איך מיין דא,פארשטייט זיך,מענטשן אין מיין עלטער,וואס זאגן מיר פשוט: דו פארשטייסט אפשר בעסער,אבער מיר וועלן דיר נישט פאלגן.און דא רעדט זיך נישט וועגן הימל-הויכע זאכן עפעס אבסטראקטע ענינים פון גייסט.ניין,גאנץ אייפאכע זאכן,וואס א קינד קאן פארשטיין,אז עס טויג נישט: א פרוי פון זיבעציק,וואס עסט נישט,ווייל זי וויל האבן א שיינע פיגור; א מאן וואס מיינט אז ער מוז לויפן כאטש ער איז שוין כאלד אכציק יאר און אויסגעדארט ווי א שטעקן - - -

אזוי איז עס געווען מיט אונדזער קרובה אין טאראנטא,וואס האט זיך א סך מער אפגעגעבן מיטן שפיגל ווי מיטן טרויערן נאך איר ערשט-פארשטארבענעם מאן.עס ווייזט זיך ארויס,אז סיי זי,סיי איר מאן,האבן קיינמאל נישט בא-לאנגט צו קיין שום ארגאניזאציע.זי האט קיינמאל נישט דערמאנט א ווארט וועגן ישראל און כאטש ער האט איבערגעלאזט פיל געלט האט זי אליין נישט געוווסט וויפל.זיי האבן קיינמאל נישט געגעבן א סענט צדקה.אין הויז איז נישט געווען קיין סימן פון א צייטונג,אפילו נישט קיין ענגלישע,ווער שמו-עסט א בוך? -ניין - זאגט זי - מיר האבן זיך דערמיט נישט אפגעגעבן - און פון פאך איז ער דווקא געווען א דרוקער,בעהאט אן אייגענע דרוקעריי, און אזא עם-הארצות!

דאך ווייסט זי צו דערציילן אן אמתע "סטאריע", וואס איז נאך מיט דרייסיק יאר צוריק בעגאנגען אין "פארווערטס" ארום דריי הדשים. און גלייך הויבט זי אן, שוין צום וויפלטן מאל, דערציילן דעם אינהאלט גלייך זי וואלט ערשט נעכטן בעלייענט עס אויף די ערשטע זייטן פון אלע צייטונגען, אדער גאר ערשט בעהערט עס אין ראדיא...

אבער ווידער אמאל, נישט דאס בין איך אויסן.

אין א שיינעם טאג לאזט אונדז די קרובה וויסן, אז אירס א באקאנטע פרוי, זייער א פ ר א ס ט ע, אסתר הייסט זי, קומט מיט א וויזיט. זי איז אן אלטע פרוי, א פראסטע, מיר זאלן, הייסט עס, וויסן מיט וועמען מיר וועלן דא האבן צו טאן. איצט וועט מען אפשר מעגן א ביסל אראפגיין פון וועג פאר א קורצע באמערקונג וועגן דעם נאמען א ס ת ר. ווי באוווסט זיינען די מערסט פארהייליקטע נעמען ביי יידן די נעמען פון די אבות און די אמהות, דאס הייסט: שרה, רבקה, רחל, לאה. ווי איז אבער אז פון שרה ווערט ס ע ר א, רבקה - ר ע ב ע ק א, רחל - ר י י ט ש ע ל, לאה - ל י ל י, זיינען עס נאך אלץ הייליקע נעמען?

אויב אסתר איז נישט געווען איינע פון די אמהות ביי יידן, איז אבער איר נאמען פארבונדן מיטן גרויסן נס פורים. אין מיין לעבן איז דא א שוועסטער אסתר, וואס האט בענומען אויף זיך די ראלע פון א מאמע, וואס לאזט נישט ארויס פון אויג אויף איין מינוט די אויפזיכט איבער יעדן פון די צען קינדער אין הויז. ווען טאטע-מאמע האבן געלעבט אין גויט זייערע לעצטע יארן, האט אסתר דא-הי נישט געלאזט דער עלטערער שוועסטער, שיינדל, קויפן אן "אייז קרים" - מען דארף די פאר סענט פאר טאטע-מאמע אין פוילן. דאס האט מען מיך ערשט לעצטן זונטיק דערמאנט. און נאך אן אסתר איז אריינ-געקומען אין מיין לעבן, ווען די האלבע ליטוואטשקע ב ו ט ע, זאגט מיר, אז זי האט צוויי נעמען א ס ת ר-ב ו ט ע, הייסט 43 יאר שפעטער איז דער נאמען אסתר זיס ווי האניק אויף מיינע ליפן...

איצט קאנען מיר שוין צוריקקומען צו די א ס ת ר, וואס דארף אט ערשט אנקומען און וואס איז, לויט ווי אונדזער קרובה האט זי געשילדערט,

א פראסטע.א פרוי,טאקע נישט קיין יונגע,אבער פיין אנגעטאן,נישט איבער-
געטריבן רייך,גאנץ באשיידן,ציכטיק - אזוי אויך דאס פנים - איידל,אן
שום פודער אדער ליפסטיק.נאכן באקענען זיך,זעצן מיר זיך צום טיש.עפעס
דוכט זיך מיר,אז אסתר האלט זיך א ביסל צוריק זיצנדיק קעגן מערין (אזוי
הייסט די קרובה ארנדזערע),דאך ענטפערט זי פריי אויף מיינע פראגן און עס
שיילט זיך ארויס א געשיכטע פון א שיין און א גוט לעבן,וואס איז אבער גע-
ווען פארבונדן מיט א גרויסער דראמאטישער געשעעניש.אבער ווידער מוז איך
אראפביין א ביסל אין א זייט,כדי אויפצוקלערן דעם נאמען פון דער מעשה
וואס איך דערצייל דא היינט: דעם נאמען אלט גאלד... דער וואס קוקט זיך
איין אויפמערקזאם אינעם מענטשלעכן פנים וועט גלייך קאנען דערזען דעם
חלק אלהים ממעל.פארשטייט זיך,אז אומשטענדן קאנען געוואלטיק ביטן דאס
אויסזען פון פנים,אבער אין מיין לעבן האב איך זיך אנגעשטויסן אויף פנימער
וואס האבן ארויסגערופן א דרך ארץ,א רעספעקט,און אנדערע וואס האבן מיט
זייער אויסזען אפגעשטויסן.כ'בין זיכער,אז יעדער וועט מיט מיר מסכים
זיין,אז די פרויען וואס לאזן זייערע האר גרוי ווערן,און פון גרוי -
ווייס,רופן ארויס א בעסערן געפיל צו זיך,ווי די וואס פארבן זיך די האר
און די קנייטשן פון פנים זאגן א נ צ י ק, ווען די קאליר פון די האר
שרייט פ ע ר צ י ק. ווולגאר זעט עס אויס,אפשטויסנדיק.נאך ערגער איז
עס מיטן פארבן די באקן...

אסתר,פון טאראנטא,האט געהאט א ריין געלייטערט פנים,ווי ווייסער אל-
באסטער און די עלטער האט נישט גערעדט מיט טרויער,נאט זי איז געווען
אליין.פארקערט,א רויקע,צופרידענע מינע איז געווען אויסגעגאסן איבער איר
פנים.עפעס האט איר אויסזען דערמאנט אין אלט גאלד,וואס האט,פארשטייט זיך,
נישט מער דעם גלאנץ פון יוגנט,אבער די קוואליטעט פון דעם האמא סאפיענס וואס
זעט אלץ ארום מיט א סטאישער רויקייט - א זאך,וואס דארף על פי שכל זיין
די כאראקטעריסטיק פון אלע עלטערע.אט די שטריכן האט מען דייטלעך געקאנט
ארויסלייענען פון אסתרס פנים.דערפאר האט מערי איר נישט פארשטאנען,
דערפאר איז זי ביי איר געווען א פראסטע!ווייל זי האט זיך דאך נישט

געשמירט און געפוצט און נישט געשטאנען אין פראנט פון שפיגל גאנצע טעג.
איז די נישט א פראסטע?!

אסתר האט נאך מיט פופציק יאר צוריק,אין א פויליש שטעטל,געהאט א בחור,
וואס האט געוווינט אין ניו יארק און ער האט איר געשיקט פאפירן צו קומען
און חתונה האבן מיט אים.אבער א שטיקל צייט איידער זי האט בעקריגן די
פאפירן איז קראנק געווארן אירע א שכנה וואס האט געהאט צוויי קליינע קינ-
דער.אסתר איז אריין צו די שכנה און געהאלפן די קראנקע און אכטונג געגעבן
אויף די קינדער.איך ווייס נישט גענוי ווי לאנג עס האט גענומען ביז די
שכנה איז געשטארבן.פארן טויט האט זי געבעטן אסתרן זי זאל נישט פארלאזן
די קינדער וואס האבן זיך געהאט צו איר צוגעבונדן אזוי ווי צו דער אייגענער
מאמע.ביי אסתרן אין הארצן איז פארגעקומען א געוואלטיקער שטורעם,עס האט
איר זייער געצויגן צום בחור,פון וועמען זי האט דערוויייל דערהאלטן די
שיפס-קארטע און געלט אויף די רייזע.גלייכצייטיק האט דאס רחמנות אויף די
קינדער און אויף זייער פאטער,וואס האט געוויינט פאר איר מיט טייכן טרערן,
צעריסן איר הארץ,און זי האט מיט אים חתונה געהאט...

איך האב דעמלט נישט נאכגעפרעגט גענוי,ווי אזוי זיי זיינען געקומען
קיין טאראנטא.איך האב די לעבנס דראמע פון אסתר, די פ ר א ס ט ע יידענע,
טיף מיטגעפילט.פאר מיינע אויגן האט זיך געמאלן דאס בילד פון שטעטל.אסתר,
די יונגע,שיינע כלה-מיידל,קוקט זיך אויס די אויגן צו קריגן די שיפספקארטע
פון איר באשערטן,אבער דערווייל ווערט זי גאר א קראנקן-שוועסטער,א "נזירס",
און דאס אלץ אין נוים און ארעמקייט.די האפענונג זיך ארויסצורייסן פון
פוילן פילט אן מיט גליק אלעמענס הערצער.אבער,ניין! אסתר גיט אויף איר הא-
פענונג אוועקצופארן,זי ווערט א מאמע צו יתומים,זי ענטפערט דעם רוף פון
געוויסן,און די געשיכטע פון איר לעבן ווערט אויף אייביק אפגעשפיגלט אויף
איר פנים,וואס לייכט ווי אלט גאלד.איר געוועזענער חתן איז געווען פארהייראט
אין ניו יארק.ער לעבט נישט מער.כ'ווייס נישט,צי זיי האבן זיך ווען גע-
טראפן.איר מאן,דער טאטע פון די צוויי קינדער,איז אויך שוין טויט.ווי
אזוי עס לעבן אירעצוויי זין אין טאראנטא האב איך בעזאלט געוויר ווערן

ביי איר קומענדיקן וויזיט,אבער זי איז מער נישט געקומען.צום באדויערן
איז לעצטנס אויך אונדזער קרובה געשטארבן.כ'ווייס אפילו נישט אנהרס אדרעס.

## דער פּילעוועוער מורה הוראה

דאס קאפּיטל זכרונות וועגן מיין פאטער האב איך אנגעשריבן אנהייב 1962 ווען עס זיינען דאס ערשטע מאל דערשינען די אנאנסן, אז עס ברייט זיך א קאמיטעט ארויסצוגעבן א פּילעוועוער יזכור בוך און מ'בעט לאנדסלייט ארייננצושיקן וויכטיקע מאטעריאלן וועגן פילעוו און פּילעוועוער פערזענלעכ-קייטן צום רעדאקטאר מרדכי וו. בערענשטיין.

אין חודש מערץ פון זעלבן יאר, איז צו מיר אנגעקומען א בריוו פון מ.וו.בערנשטיין אין וועלכן ער שרייבט מיר, אז "די ארבעט איז ראוי צום דרוק" און ער פרעגט, אפשר איז מעגלעך איך זאל א ביסל פארגרעסערן און ברייטער ארומנעמען די סביבה, די שטוב א.א.וו. איך האב בעטראכט אז צמצום איז בעסער ווי רחבוה, אין דעם פאל, און האב אים אזוי געשריבן. ווען איך האב דאס בוך דערהאלטן, 2 יאר שפּעטער, האב איך דארט מיינע זכרונות נישט געפונען. אפשר דערפאר וואס אויף זייט 77 - 78 איז דא א סך לויב פאר מיין פאטער, געשריבן פון א פּילעוועוער משה רובינשטיין, ווו ער שרייבט צווישן פיל אנדערע זאכן, אז ער איז געווען א תלמיד מובהק ביים מורה הוראה ר' הירש לייב ראזענצווייג און ער האט געזען זיינע הערות געשריבן מיט זיין פע-רלדיקן כתב. עס שטייען אים פאר די אויגן די לאנגע ווינטערדיקע פרייטיק-צו-נאכטסן, ווען ער פלעגט לערנען מיט א 300 קעפּיקן עולם די סדרה פון דער וואך, און זיינע צוקער זיסע פירושים האבן אזוי בעלאקט דעם פארזאמלטן עולם, אז ער איז פון וואך צו וואך געווארן גרעסער אין צאל. ער דערמאנט אויך, אז זיינע דרשות האבן צוגעציגן מאסן צוהערער. איצט פארשטיי איך, אז זיי האבן נישט געוואלט צוויי מאל שרייבן וועגן א מורה הוראה; הייננטיקע צייטן, האט אוודאי דער קאמיטעט בעטראכט, דארף מען מער שרייבן וועגן "בונד", פועלי ציון, ספּארט ארגאניזאציעס. איך האב פארשטייט זיך, צו קיינעם קיין טענות חלילה נישט.

ווער ווייסט אפשר וועלן אט די מעמוארן דאך ערגעץ דערגיין, ווייל עס איז איצט דא א באנייטער פאלקס ווילן צו פארשרייבן איידער עס ווערט צו שפּעט. צום אלעם ערשטן וויל איך דא פארשרייבן לדורות, אז דער טאטע האט בעדרוקט (איך ווייס נישט אין וויפל עקזעמפּליארן), א ספר - א פירוש אויף חומש ארונטערן נאמען "אלפי יהודא". דא איך מאנטרעאל זוכן מיר עס

ארום שוין שיינע יארן און מיר זיינען גרייט צו באצאלן גוטע געלט פאר
איין קאפיע,אפשר וועט זיך עמיצער אפרופן?! דער טאטע האט אויך געגרייט
צום דרוק א ספר "קרן לדוד",וואס האט געזאלט זיין א זאמלונג פון זיינע
הערות געשריבן ביי די זייטן פון די גמרות.

עס איז איצט א פאפולער ווארט: "ער האט געברענט ביז שפעט זיין אויל",
געמיינט איינעם וואס האט געלערנט אדער געלייענט ביז שפעט אין דער נאכט.
דאס איז געווען אין מיין פריע קינדהייט.ווען איך פלעג זיך אין מיטן נאכט
אויפוועקן און זען דעם טאטן שרייבן זיינע גרויסע כויגנס פאפיר.איך בין
דעמלט צו יונג געווען צו פארשטיין פארוואס ער מוז אין מיטן נאכט שרייבן?...
אחוץ דעם שרייבן לאמיר געדענקען וויפל ספרים עס זיינען געווען ביי אונדז:
די גרויסע בית-דין שטוב האט געהאט שענק מיט ספרים פון אונטן ביז ארויף,
זיכער א פאר טויזנט.ווען איך האב אמאל געפרעגט דעם טאטן: ווו האסטו גע-
נומען אזויפיל געלט איינצוקויפן אט די אלע ספרים - זיין געהאלט איז גע-
ווען 7 רובל א וואך - האט ער מיר געענטפערט,אז פיל מאל האט ער נישט גע-
געסן און געקויפט א ספר.איך גלויב קוים אויב עמיצער פון אונדז,וואס
קויפט יא אמאל א יידיש בוך,וואלט עס געטאן,ווען ער דארף צוליב דעם
יענעם טאג פאסטן.

אין די יארן פון די ערשטע מלחמה ווען אזויפיל הייזער זיינען אוועק
מיטן פייער,זיינען נאך אלץ דעם טאטנס ספרים געבליבן גאנץ.עס זיינען
אבער געווען אזעלכע ביטערע צייטן; די שטאט איז געווען חרוב,מיר זיינען
געבליבן אן ברויט.האט דער טאטע געשריבן קיין ווארשע צו א מוכר ספרים,
ער זאל קומען קויפן אונדזערע ספרים.געדענק איך דעם יידן מיט דער גרויז-
גרויער בארד און די לאנגע פיאות,פארלייגט אונטערן היטל,וואס איז געקו-
מען קויפן די ספרים.נאכן פארהאנדלען א פאר שעה אליין מיטן טאטן איז ער
ארויסגעקומען,און ווען איך האב אים געפרעגט,ווי ביים עס דער מסחר? האט
ער מיר געענטפערט,אז ער האט נישט קיין הארץ צוצונעמען דעם טאטנס ספרים,
ער פארשטייט ווי דער טאטע פילט אין דעם מאמענט.און ער האט די ספרים
נישט געקויפט...

שפעטער ווען איך בין אוועק קיין ווארשע,האט מען מיר געשריבן,אז מ'האט

בעמודים האבן בעלט ההרגה צו מאכן מיין ייבגסטע שוועסטער,האט מען די ספרים בעמודים פארקויפן.אזוי האט זיך עס בעצויגן פון שלעכט צו ערגער ביז יענעם טאג ווען די דייטשן,ימח שמם,האבן אנגעהויבן ברענען יידישע ביכער,האב איך שוין דא אין מאנטרעאל בעפילט דעם פערזענלעכן בראך: דעם טאטנס ספרים ברענען!

וועגן מיין טאטנס דרשות האב איך שוין פריער דערמאנט.אין יענע יארן, פאר דעם ערשטן וועלט-קריג,איז עס געווען זייער פארשטענדלעך,אז אין א שבת הגדול אדער א שבת תשובה,זאלן קומען פינף אדער זעקס הונדערט יידן, נאך מיטאג,הערן מיין טאטן האלטן א דרשה.די גאסן זיינען בוכשטעבלעך געווען ליידיק ווען דער טאטע האט גערעדט.וואס עס וווּנדערט מיך מערסטנס איז, פון וואנען האבן די מענטשן גענומען אזוי פיל געדולד צו הערן? איך האב בעהערט גוטע רעדנער,וועלט בארימטע מאסן-רעדנער,אבער נאך א שעה און א האלבע ווערן אלע מיד און פיל שלאפן איין.מיין טאטע האט גערעדט פ י ר שעה,קיינער האט זיך נישט אויפגעהויבן פון פלאץ און אבסאלוט קיינער האט נישט בעהוסט,געניסט אדער געמאכט א ווערטער עס איז אנדער טומל...

איין פאל געדענק איך: דאס איז געווען אין א פרייטיק-צו-נאכטס,אין די ערשטע וואכן פון דער מלחמה.ביי אונדז אין שטאט זיינען געווען קא-זארמעס זיינען געקומען יידישע סאלדאטן צום דאווענען.און אזוי פלעגט זיך עס פירן,אז יעדער סאלדאט איז געווארן איינגעלאדן ווי אן אורח צום שבת-טיש.יענעם פרייטיק-צו-נאכטס זיינען געווען א גרויסע צאל יידישע זעלנער און עס איז געווען א בעפאר זיי זאלן מוזן צוריקגיין אין קאזארמע עסן טריפות.מ'האט עס געזאגט מיין טאטן.ער איז ארויף אויפן בעלעמער און געגעבן א געשריי: לא תבערו אש! יידן טארן נישט אנצינדן א פייער שבת, אויב יידן וועלן לאזן יידישע זעלנער,פארוואגלטע פון זייערע היימען,אן א שבתדיקן מאלצייט,וועלן זיי אנצינדן א פייער פון קיטרוג קעגן יידן אין הימל! דער טאטע האט זיך צעוויינט און אלע יידן מיט איב.קיין איין יידי-שער זעלנער איז נישט געבליבן,ער זאל דארפן גיין עסן טריפה פון קעסל יענעם פרייטיק-צו-נאכטס...

איך בין אויך בייגעווען ווען דער טאטע האט געהאלטן א דרשה אין

דער חברה ש"ס,מיר דוכט אויף די פראנציסקאנער גאס אין ווארשע.דאס איז געווען א שול פון ליטוואקעס,גרויסע לומדים,און עס איז געווען א כבוד צו ווערן ארט איינגעלאדן צו רעדן.דער טאטע האט גערעדט דארט ד ר י י שעה.נאכן ענדיקן האט א ייד געבעטן דער טאטע זאל גיין מיט אים בענטשן זיין קינד.דאקטוירים האבן אויפגעגעבן די האפענונג.דער טאטע איז אוועק מיט אים.עד היום ווייס איך נישט,צי מיין טאטנס ברכה איז מקויים געווארן, אבער די שול,דער עולם,דער ייד מיט זיינע בעטנדיקע אויגן פון א פארצווייפלטן טאטן,שטייט מיר נאך ביז היינט לעבעדיק פאר די אויגן.

מיין טאטנס רייזע קיין דעמבלין אדער איוואנגאראד איז,בין איך זיכער, אין ערגעץ נישט פארשריבן אין קיין היסטארי-בוך.פילעוו איז געווען לעבן די ווייסל.קיין בריק אריבערצוגיין אויפן אנדערן זייט איז נישט געווען, האבן די רוסן ארויסגעטריבן אלע יידן פון פילעוו אונטערן חשד,אז זיי זיינען שפיאנען פארן דייטש.נאכן אפזיין אין קאנסקע וואליע,ארום 7 קילאמעטער פון פילעוו,עטלעכע וואכן,האט מען די יידן צוריק אריינגעלאזן.א שטיקל צייט שפעטער האט מען ווידער די יידן געהייסן גיין און דאס מאל נאך ווייטער אוועק.איך גערענק נישט גענוי ווי לאנג עס האט געדויערט דער צווייטער גירוש,נאר דער מצב פון די פילעווער יידן איז געווארן זייער שלעכט.עס האט געדראט א געפאר פון קראנקהייטן,פון דעם הונגער און שמוץ.איז מען געקומען צום טאטן ער זאל פארן קיין דעמבלין,ווו עס איז געווען די נאענט-סטע פעסטונג,ווו עס איז איינגעשטאנען דער מיליטערישער קאמענדאנט וואס האט געהאט די פולמאכטן אויף איבער פילעוו,ער זאל ביי אים קריגן א דער-לויבעניש מ'זאל די יידן צוריק אריינלאזן א היים.

דער טאטע,וואס האט געקענט א גוטן רוסיש,האט אבער נישט געוואגט צו פארן אין פעסטונג.עס האט דארט געווימלט מיט מיליטער און קאזאקן.און געווען איז עס די צייט ווען זיי האבן אויפגעהאנגען דעם קראשניקער רב,ווייל ער איז ארויס אויפן באלקאן מחדש זיין די לבנה,האבן זיי געזאגט אז ער האט געגעבן געהיימע סיגנאלן צו די דייטשן.

דער טאטע איז בפירוש געגאנגען אויף קידוש השם.ער איז געפארן קיין דעמבלין און געקראגן די דערלויבעניש.כאטש דער קאמענדאנט האט געשריגן

צום טאטן "ווי נאס פראדאלי", האט דער טאטע דאך אויסגעבעטן.און איך געדענק נאך ביז היינט ווי עס פארן לאנגע רייען אנגעפאקטע פורן מיט יידן. פארויס פארן מיר.דער טאטע האלט דאס פאפיר אין האנט און די ברכות וואס די פרויען שרייען אויס צום טאטן קלינגען אין מיינע אויערן.אפשר אין דעם זכות האט ער זוכה געווען צו שטארבן אויפן אייגענעם בעט אין 1934. דעם ביטערן גורל פון גאנצן פאלק האבן נישט אויסגעמיטן מיין מאמע, דריי שוועסטער, גוויי ברידער און זייערע קינדער.